הייסט „משכיות לבב“, אין וועלכען איך האָב ערקלעהרט פיעלע אונפערשטענדליכע פראַזען פון גאַנץ תנ״ך, וועלכע זיינען געוועזען אונפערשטענדליך ביז איצט. נאָך יענער ספר איז געשריבען אין העברעאיש און עס זיינען דאָ ווענינ מענשען וואָס זאָלען איהם פערשטעהן.

אונזער תורה איז איינער פון גאָט׳ס וואונדער, ווי דאָס אידיישע פאָלק זעלבסט, וואָס דעם מענשען׳ס דעת איז קורץ צו פערשטעהן. מיר קענען זיך מיט איהר בעריהמען, אז מיר זיינען די פעך־פאָל־קאָמער און ערפינדער פון אזא פילאָזאָפישער, גייסטינער און עקאָנאָמישער תורה. יעדער איד קען שטאָלצירען מיט דעם, ויאָס ער קומט ארוים פון אזא פאָלק, וואָס וויים איהר יחוס און היס־טאָריע פון דעם ערשטען מענשען ביז היינטינען טאָג, — עטוואָס, וואָס קיין נאציאָן אויף דער וועלט קען דאָס ניט דערווייזען.

## .5

## די פראַגען פון די פרייגעזאָנענע.

מיר וועלען אָנהויבען צו ערקלעהרען די אונפערשטענדליכע שטעלען פון אונזער תורה, אום צו פערענטפערען פיעלע פראַגען, מיט וועלכע די ניט־גלויבער צייגען, אז אונזער תורה איז ניט ריכטיג און אז דער שרייבער פון דער תורה האָט ניט פערשטאַנען גענוי אלע וויסענשאַפטען פון דער ערד־בעשאַפונג און דער ענט־וויקלונג פון דעם מענשען און מאַנכעס מאָל טרעפט, אז ער לייקענט זעלבסט אָפּ זיינע אייגענע רייד, וועגען וועלכע ער האָט פריהער גערעדט.

די ערשטע פראַגע זייערע איז אויף דעם אָנפאַנג פון דער תורה: בראשית ברא אלהים את השמים ואת הארץ, — אין אָנפאַנג האָט גאָט בעשאַפען דעם הימעל מיט דער ערד. ווי האָט ער בעשאַפען דעם הימעל? — איז זייער פראַגע. הימעל איז דאָך די אַטמאָספערע, וואָס האָט קיין ברעג און קיין סוף ניט, איז דאָך דאָס געוועזען אלע מאָל פאַר דער ערד, טאָ ווי קען זיין אז גאָט האָט בעשאַפען דעם הימעל? ווייטער פרעגען זיי: וויבאַלד ער האָט שוין בעשאַפען די ערד, ווארום שטעהט נאָך דעם „והארץ היתה תהו ובהו וחשך על פני תהום, ורוח אלהים מרחפת על פני המים“, ד. ה. די ערד איז געוועזען וויסט און לעער. פינסטער איז געוועזען איבער דעם אָפּגרונט און גאָט׳ס גייסט האָט אומגעשוועבט אויפ׳ן

וואַסער. וויבאַלד די ערד איז שוין געווען, טאָ ווארום האָט גע־
דארפט גאָט׳ס גייסט שוועבען אויפ׳ן וואסער? און פון וואנען
האָט זיך גענומען די וואסער? און וואו איז דער אָפּגרונט? „ויאמר
אלהים יהי אור ויהי אור, ויבדל בין האור ובין החשך״: גאָט
האָט געזאָגט, זאָל ווערען ליכטיג, איז געוואָרען ליכטיג, האָט גאָט
אָפּגעטהיילט די ליכטיגקייט פון די פינסטערניש. פון וואָס איז
געוואָרען ליכטיג? — איז זייער פראגע. מיר זעהען איצט, אז
ווען די זון שיינט בייטאָג איז ליכטיג און ווען די זון געהט אונטער
ווערט פינסטער. די תורה שרייבט אונז, אז די זון מיט דער
לבנה און די שטערען האָט גאָט בעשאפען דעם פיערטען טאָג,
טאָ פון וואנען און פון וואָס איז געוואָרען ליכטיג דעם ערשטען
טאָג? און ווי האָט ער אָפּגעטהיילט די ליכטיגקייט פון דער
פינסטערניש, ווען די זון איז ניט געווען? „ויהי ערב ויהי בקר
יום אחד״: עס איז געוואָרען אָוועגד און עס איז געוואָרען פריה,
איין טאָג. ווי איז געוואָרען אָוועגד און ווי אזוי איז געוואָרען
פריה און ווי איז עס איין טאָג, ווען די זון איז ניט געווען? איצט,
ווען די זון איז פאראן, קענען מיר צוטהיילען די טעג, ווען עס געהט
אריבער א נאכט מיט א טאָג. אָבער ווען די זון איז נאָך ניט
געווען, האָט דאָך ניט געקענט זיין אָוועגד און פריה, און עס האָט
אויך ניט געקענט זיין איין טאָג.

ויאמר אלהים יהי רקיע בתוך המים ויהי מבדיל בין מים
למים. ויקרא אלהים לרקיע שמים: גאָט האָט געזאָגט, זאָל
ווערען א פערשפּרייטונג אין מיטען די וואסער, וואָס זאָל אָפּטהיילען
צווישען די אונטערשטע וואסער און צווישען די אויבערשטע וואַ־
סער... האָט ער אָנגערופען די פערשפּרייטונג „שמים״, הימעל.
וואָס פאר א פערשפּרייטונג האָט גאָט געמאכט צווישען די וואסער
און וואו איז די אויבערשטע וואסער? ווידער איז געשריבען,
אז די פערשפּרייטונג האָט גאָט אָנגערופען הימעל, לייקענט ער
דאָך זיך זעלבסט, דען דער שרייבער פון דער תורה האָט דאָך
געשריבען, אז אין אָנפאנג האָט גאָט בעשאפען דעם הימעל מיט
דער ערד.

ויאמר אלקים יקוו המים מתחת השמים אל מקום אחד ותראה
היבשה, ויקרא אלקים ליבשה ארץ ולמקוה המים קרא ימים: און
גאָט האָט געזאָגט, עס זאָל זיך פערזאמלען די וואסער פון אונטער׳ן
הימעל אין איין אָרט, וועט זיך זעהן די טריקעניש. האָט ער אָנ־
גערופען די טריקעניש ערד און די פערזאמלונג פון וואסער „ימים״.
אויף אזא אופן צייגט אונז דער שרייבער, אז ביז דעם דריטען
טאָג איז די ערד געוועזען אין וואסער און דערנאָך איז זי אראָפּ־

געשוואומען. דאָס איז גאָר אונפערשטענדליך. פון וואנען האָט זיך גענומען דאָס וואסער?

ויאמר אלקים תדשא הארץ דשא. עשב מזריע זרע למינהו, עץ עושה פרי אשר זרעו בו למינהו... ויהי ערב ויהי בקר יום שלישי. האָט גאָט געזאָגט: די ערד זאָל זיך בעוואקסען מיט גראָז, וועלכע זאָלען האָבען אין זיך זאָמען נאָך זייער אַרט און בוימער, אויף וועלכע עס זאָלען וואקסען פרוכט מיט זאָמען נאָך זייער אַרט. האָט די ערד ארויסגעלאָזען גראָז און בוימער, אין וועלכע עס איז פאראן זייער זאָמען. איז געוואָרען אָווענד און פריה, דער דריטער טאָג. די תורה שרייבט אונז דאָ, אז אין דעם דריטען טאָג, איידער עס זיינען בעשאפען געוואָרען די פויגלען און אלע לעבעדיגע חיות, האָט שוין גאָט אָנגעגרייט פאר אלע בעשעפענישען זייער שפייז, מיט וואָס זיי זאָלען זיך ערנעהרען און אויפהאלטען זייער לעבען. דער שכל פון יעדען מענשען ווייזט, אז אנדערש האָט ניט געקענט זיין, דען אז ניט, וואָלטען דאָך אלע לעבעדיגע בעשעפענישען ניט געקענט לעבען. מיר וועלען אָבער זעהן וואָס די תורה שרייבט. ווען גאָט האָט בעשאפען די לעצטע בעשעפעניש, דעם מענש, שרייבט אונז די תורה דיעזע ווערטער: וכל שיח השדה טרם יהיה בארץ וכל עשב השדה טרם יצמח, כי לא המטיר ה׳ אלקים על הארץ והאדם אין לעבד את האדמה: ד. ה. קיינע בוימער זיינען נאָך ניט געווען אויף דער ערד און קיין גראָז איז ניט געוואקסען, ווייל גאָט האָט ניט געמאכט קיין רעגען ביז דער צייט, ווען דער מענש איז בעשאפען געוואָרען, וואָס זאָל בעארבייטען די ערד. א שרייבער, וועלכער שרייבט אזא ארטיקעל, ווי די בעשאפונג פון דער ערד מיט אלע לעבעדיגע זאכען, אין אזא ערהאבענער תורה, וועלכע ציינט דורכאויס קלוגהייט און פילאָזאָפיע, זאָל אָפּלייקענען זיינע אייגענע ווערטער, וועלכע ער האָט ערשט געשריעבען?! וואונדער איבער וואונדער. סטייטש! אָט ערשט שרייבט ער, אז אין דעם דריטען טאָג האָט שוין די ערד ארויסגעלאָזען אלע גראָזען און בוימער מיט פרוכט, מיט דריי טעג בעפאָר דער מענש איז בעשאפען געוואָרען. און דערנאָך שרייבט ער, אז כל זמן דער מענש איז ניט געווען האָט נאָך קיין גראָז און קיין בוים ניט געוואקסען. איז דאָס ניט וואונדערליך? מיר וועלען זעהן וואָס ער שרייבט ווייטער.

ויאמר אלקים יהי מאורות ברקיע השמים להבדיל בין היום ובין הלילה והיו לאותות למועדים וימים ושנים ולהאיר על הארץ. ויעש אלקים את שני המאורות הגדולים, את המאור הגדול לממשלת היום ואת המאור הקטן לממשלת הלילה ואת הכוכבים. גאָט האָט

געזאָגט עס זאָלען זיין ליכטער אין הימעל־רוים, וועלכע זאָלען לייכטען אויף דער ערד און אָפּטהיילען פון טאָג ביז נאכט, — זיי זאָלען זיין צו צייכענס, צו צייטען, צו טעג און צו יאָהרען. האָט גאָט געמאכט די צוויי גרויסע ליכט, די גרעסערע ליכט זאָל לייכטען בייטאָג און די קלענערע ליכט זאָל לייכטען ביינאכט מיט די שטערען.

דאָ פרעגען זיי קשיות גאָר א גרויל. ער שרייבט דאָ, אז דעם פיערטען טאָג האָט גאָט בעשאפען די זון מיט דער לבנה און די שטערען, וועלכע זאָלען לייכטען בייטאָג און ביינאכט, מיט וועלכע מיר זאָלען קענען צעהלען די טעג, די צייטען און די יאָהרען. הייסט דאָס, אז ביז דעם פיערטען טאָג איז געווען פינסטער. טאָ ווי האָט ער געשריעבען, אז דעם ערשטען טאָג האָט גאָט בעשאפען די ליכטיגקייט? און ווי באלד פון דער זון מיט דער לבנה האָט מען ערשט אָנגעהויבען צעהלען די טעג, ווי זשע האָט ער גערעכענט די דריי טעג פריהער?

נאָך מעהר וואונדער. מיר ווייסען איצט, אז די זון איז גרעסער פון דער ערד מיט דריי מיליאָן פופציג טויזענד מאָל. דער שטערען יופיטער, מערקור און סאטורן, וועלכע זיינען אויך אזעלכע ערדען ווי אונזער ערד, זיינען גרעסער פון דער ערד הונ־דערטער טויזענד מאָל. די אלע שטערען צוזאמען מיט אונזער ערד דרעהען זיך ארום דער זון, וועלכע האלט זיי אלעמען אויף, זיי זאָלען ניט ארונטערפאלען. איז אָט די אלע גרויסע שטערען מיט דער זון האָט גאָט בעשאפען אין איין טאָג, און אונזער קליינע ערד אין זעקס טעג? און אויף וואָס האָט זיך די ערד געהאלטען די ערשטע דריי טעג?

דאָס זיינען אלץ ריכטיגע פראגען, וואָס מען קען זיי ניט אוועקמאכען אונטער'ן האנד. דאָס וואָס דער תלמוד זאָגט, אז מען טאָר וועגען דעם ניט קלעהרען, ווילען זיי ניט הערען. זיי זאָגען, אז די תורה האָט גאָט געגעבען צו מענשען, ניט צו מלאָכים, דארפען זי מענשען פערשטעהן. אויב ער וויל ניט מ'זאָל יועגען דעם קלעהרען, האָט ער ניט געדארפט שרייבען, און אז ער האָט געשריבען, וויל ער דאָך מיר זאָלען דאָס פערשטעהן.

צוליעב פערענטפערען די אלע פראגען, וועלכע איך האָב דאָ געשריבען, געפין איך פאר נויטיג צו בעשרייבען די בעשאפונג פון דער ערד נאָך די ערקלעהרונגען פון די פילאָזאָפען און געלאָגען פון דער נייער, מאָדערנער צייט, וועלכע האָבען געגראָבען די ערד און נאָכגעפאָרשט יעדער סלאַי און יעדער קאָרע פון דער ערד, וועלכע בעשעפענישען עס געפינען זיך אין זיי און פון וואָס דער סלאַי ערד בעשטעהט. און נאכהער, ווען מיר וועלען שוין האָבען

א בעגריעף וועגען דער ערד-בעשאפונג לויט די איצטיגע חכמים, וועל איך ערקלעהרען די ערד-בעשאפונג, וועלכע איז בעשריבען אין אונזער תורה, דורך אונזער ערשטען נביא משה, אום יעדער מענש זאָל זעהן דייטליך און קלאָר, אז אין די ביסעלע ווערטער, וועלכע ער האָט געשריעבען וועגען דער ערד-בעשאפונג מיט פיער טויזענד יאָהר צוריק, געפינט זיך מעהר וויסענשאפט איידער אין די פיעלע ביכער, וועלכע איצטיגע חכמים האָבען אָנגעשריעבען, טראָץ דעם וואָס דאן זיינען קיין ביכער ניט געוועזען צו לערנען די וויסענשאפט פון דער ערד-בעשאפונג און כאָטש ער האָט ניט געגראָבען די ערד נאָכצופאָרשען די קאָרעס מיט די סלאָיעס פון דער ערד צו זעהן פון וואָס זיי בעשטעהען און וואָס פאר א בעשעפענישען אין זיי געפינען זיך.

דאָס קען אונז דיענען אלס א ריכטיגער בעוויז, אז אלעס וואָס איז געשריבען אין דער תורה איז לויטער אמת, נאָר אונזער שכל איז קורץ צו פערשטעהן די וויכטיגקייט פון יעדער מצוה, וואָס אין איהר איז געשריבען. מיר קענען זיך בעריהמען מיט דער וויסענשאפט פון אונזער תורה, אז צו איהר איז קיין גלייכען ניטאָ אויף דער ערד. מיר טאָרען פון איהר ניט מינערען, און מיר קענען צו איהר גאָר נישט צוגעבען. וואָס מעהר די חכמים און פילאָזאָפען וועלען ערפינדען נייע וויסענשאפטען, אלץ מעהר וועלען מיר פערשטעהן די חכמה פון אונזער תורה. ווי ער האָט אונז געשריבען: „כי היא חכמתכם ובינתכם לעיני כל העמים“, די תורה איז אייער קלוגשאפט און פערשטענדיגקייט פאר אלע פעלקער. עס וועט קומען א צייט, ווען אלע מענשען וועלען אנערקענען אונזער תורה, און דאן וועלען ערפילט ווערען די ווערטער, וועלכע דער נביא ישעיה האָט געזאָגט: והיה באחרית הימים נכון יהיה הר בית ה׳ בראש ההרים ונהרו אליו כל הגוים, ד. ה. צום סוף וועלען אלע פעלקער פון דער ערד אנערקענען, אז אונזער תורה איז די ריכטיגע און וועלען גלויבען אין איין גאָט, ווי מיר אידען.

יום ג׳ ז״ך לחדש מרחשוון ה׳תרע״א.

### .6

## די בעשאפונג פון דער ערד נאָך דער ערפינדונג און ערקלעה-רונג פון איצטיגע געאָלאָגען און חוקרים.

נאָך די ערקלעהרונגען און ענטדעקונגען פון איצטיגע פילאָ-זאָפען און געאָלאָגען: הערשעל, לאפלאס, הומבאָלדט, לייעל און

נאָך אזעלכע ווי זיי, וועלכע האָבען געגראָבען און נאָכגעפאָרשט די ערד צו זעהן וואָס עס געפינט זיך אין איהר, אום צו ערפינדען פון וואָס זי בעשטעהט און פון וואָס זי איז געוואָרען, דען קיין זאך אויף דער וועלט ווערט ניט בעשאפען פאָלקאָם, ווי מיר זעהען דאָס איצט מיט אונזערע אויגען. יעדער זאך מוז האָבען א זרע, פון וואָס דאָס ענטוויקעלט זיך לאנגזאם, נאָך די אייגענשאפטען פון דער וועלט־נאטור, ביז ווען דאָס ווערט אינגאנצען א פאָלקעמענע בעשעפעניש. און קיין בעשעפעניש ווערט ניט אין איין סעקונדע. האָט דאָך די ערד אויך געמוזט האָבען א זרע, פון וואָס זי האָט זיך ענטוויקעלט, ביז זי האָט בעקומען איהר פאָלקעמענע געשמאלט מיט די גרויס פון איצטיגען צושטאנד. דאָס זעלבע האָט גע־מוזט זיין מיט די וואסער אויך, דען אזוי פיעל וואסער, וועלכע געפינען זיך אויף דער ערד, האָט דאָך אויך ניט געקענט קומען מיט א מאָל, דען ווען אזוי פיעל וואסער וואָלט קומען מיט איין מאָל, וואָלט דאָך די ערד צומישען זיך מיט די וואסער.

נאָך פיעל מיה, וואָס די געלאָגען האָבען אויף זיך גענומען יאָהרענלאנג צו גראָבען די ערד אין פיעלע פערשיעדענע טהיילען פון דער ערד און נאָך אלע פאָרשונגען מיט די ערפינדונגען, וועלכע זיי האָבען אויסגעפונען אין יעדען סלאָי פון דער ערד, זיינען זיי גע־קומען צו א בעשטימטער איבערצייגונג, אז בעפאָר זי האָט אָנגע־הויבען צו ווערען ערד, איז זי געווען א גרויסער שיטערער פליסיגער פייער, וועלכען די זון האָט ארויסגעוואָרפען פון זיך מיט דעם כח הדוחה, וואָס די זון האָט אין זיך. דען מיר זעהען דאָך מיט אונזערע אויגען, אז די ערד זעלבסט האָט אין זיך אויך דעם זעלבען כח. זי וואַרפט פון זיך אויך אַרויס פייער מיט צושמאָלצענע מעטאלען ביז היינטיגען טאָג. דער פייער, וואָס די זון האָט ארויס־געוואָרפען, איז געווען אַ פינסטערער, דען ער איז געווען צומישט מיט אלע צושמאָלצענע מעטאלען, וועלכע געפינען זיך אין דער גאנצער ערד: גאָלד, זילבער, בליי, צינק, אייזען, קופער, צושמאָל־צענע שטיינער א. ז. וו. איז דאָך זעלבסטפערשטענדליך, אז ווען דער פייער איז געווען צומישט מיט די אלע מעטאלען, איז ער געווען פינסטער.

דער פייער איז געווען פיעל מאָל גרעסער, איידער די ערד איז איצט. יעדער מענש ווייס, אז וואָס העכער און ווייטער פון דער ערד, איז אלץ קעלטער, ווי עס צייגען אונז די הויכע בערג, וועלכע זיינען אימער בעדעקט מיט שנעע. מיר זעהען ווינטער, אז די שויבען פון די פענסטער ווערען נאַס, ווייל אין הויז איז ווארים און אין דרויסען איז קאלט, און ווען די קעלט מיט די היץ

בעגעגענען זיך, מוז ווערען וואסער. ווען די היץ פון אזא גרויסען פייער, וואָס מיר קענען זיך ניט פאָרשטעלען, פון וועלכען די ערד האָט זיך ענטוויקעלט, האָט זיך בעגעגענט מיט אזוי פיעל קעלט וואָס אין דער הויך, האָט דאָך געמוזט ווערען וואסער גאָר אָהן א שיעור. די וואסער האָט אָבער ניט געקענט ארונטערפאלען אויף דעם פייער, איבער די גרויסע גלודיגע היץ, וועלכע דער פייער האָט אין זיך געהאט. ביי דעם פייער מיט די וואסער איז געווען אַן אייביגע מלחמה. ווי מיר זעהען מיט אונזערע אויגען, ווען מיר גיסען ארויף וואסער אויף א ברענענדיגען אייזען, אנטלויפט די וואסער פון דעם אייזען. דאָס וואסער האָט דאן ארומגערינגעלט דעם פייער פון אלע זייטען. עס זיינען געווען ארום דעם פייער שטענדיג אָהן אויפהער געדיכטע פינסטערע וואָלקענס מיט טור־מאנען. אין דער צייט, ווען אזעלכע צוויי ריעזיגע קרעפטען האָ־בען מלחמה געהאלטען, איז אונז לייכט צו פערשטעהן, אז עס זיינען דאן געווען אזעלכע ווינטען מיט שטורעמס, וואָס מיר מענשען קענען גאָר קיין בעגריעף ניט האָבען.

די וואסער מיט די ווינטען צוזאמען האָבען אָבער ביסלעכווייז לאנגזאם אָבגעקילט דעם פייער. די הארטע מעטאלען, וועלכע זיינען געווען צושמאָלצען אין דעם זודיגען פייער, האָבען אָנגע־הויבען ביסלעכווייז פערגליווערט ווערען. זיי האָבען זיך אָנגע־הויבען אָפטהיילען פון דעם פייער און האָבען זיך צונויפגעגאָסען אין גרויסע שטיקער, ווי שטיקער אייז, וועלכע שווימען אין די טייכען אין אָנפאנג ווינטער. דער פייער איז דאמאָלסט געוואָרען קלאָר און האָט געשיינט ווי די זון. (די אסטראָנאָמען האָבען בעמערקט, אז די זון האָט אין זיך איצט אויך די זעלבע פלעקען, ווי די ערד איז געווען אין יענער צייט). די וואסער מיט די ווינטען האָבען דאָך אָבער געטהאָן זייערס. זיי האָבען געקיהלט דעם פייער אָהן אויפהער. די איבעריגע מעטאלען האָבען זיך אויך פערגליווערט און צונויפגעגאָסען. מיר מוזען אָבער פער־שטעהן, אז דאָס האָט גענומען פיעל צייט. די מעטאלען האָבען זיך אלץ מעהר צוזאמענגעגאָסען, ביז עס איז געוואָרען ארום דעם פייער א הארטע קאָרע פון די צונויפגעקאָכטע מעטאלען מיט שטיינער. זיי האָבען בעדעקט דעם פייער פון אלע זייטען און ער האָט אויפגעהערט שיינען. די וואסער האָט בעזיעגט דעם פייער ביסלעכווייז און האָט לאנגזאם בעדעקט די קאָרע פון דער ערד פון אלע זייטען. די קאָרע איז אָבער געווען דין; זי האָט ניט געהאט אזוי פיעל קראפט איינצוהאלטען אין זיך די היץ פון דעם גרויסען זודיגען פייער, וועלכער געפינט זיך אין איהר. דער פייער

האָט אימער צושפּאָלטען די קאָרע אין פיעל ערטער און האָט געגאָסען פון זיך א פלוס פון פערשיעדענע, צושמאָלצענע מעטאלען מיט שטיינער, וועלכע זיינען באלד פערגליווערט און פערהארטע־וועט געוואָרען. אין די ערטער, וואו דער פייער האָט ארויסגע־גאָסען די לאַווע, איז די ערד געוואָרען דיקער און העכער, פון וועלכע עס זיינען געוואָרען די הויכע גיגאנטישע בערג ביז היינ־טיגען טאָג. די וואסער האָט אָבער געמוזט ארונטערגעהן פון די הויכע בערג אין די ניעדריגע ערטער פון דער ערד. די וואסער איז אָבער ניט אראָפּ מיט א מאָל פון די הויכע ערטער, נאָר לאנג־זאַם. ארונטערגעהענדיג פון די הויכע ערטער, האָט דאָס וואסער געלאָזען צוריבענע מעטאלען מיט זאמד, שטיינער, גראניט און פּראפיר, וועלכע זיינען די פונדאמענטען פון דער ערד. דער פייער אין דער ערד ווערט אלץ ווענינער און קלענער, און די וואסער מיט דער לופט ארום דער ערד ווערט אלץ מעהר און קעלטער. די ערד ווערט איינגעדארט און צוקאָרטשעט. דארום זיינען געוואָרען טהאָלען מיט קליינע בערגלעך. מיר זעהען דאָך אָבער מיט אונ־זערע אויגען, אז דער פייער שווייגט איצט אויך ניט. נאָך אין אונזערע צייטען זעהען מיר, אז דער פייער צושפּאלט די ערד און גיסט ארויס לאַווע, וועלכע ווערט באלד פערפראָרען, טאָ ווי האָט נאָך דאן דער פייער געקאָכט און געשפּאָלטען די ערד? עס איז אריבער א צייט פון נאָך טויזענדער יאָהרען. די קאָרעס פון דער ערד ווערען אלץ דיקער און גרעבער; די וואסער מוז זיך געפינען נייע ערטער מיט נייע וועגען און אויף זייער פאָריגען פלאץ האָבען זיי געלאָזען גראָבע קאָרעס פון טויטע ווימלונג און פישען, וועלכע די וואסער האָט געווימעלט אין דער צייט, וואָס זיי האָבען גע־שוואומען אויף די פאָריגע פלעצער, אויך אלער ארט מעטאלען און שטיינער, זאמד, קאלך, שטיין־קוילען, סקעלעטען פון די אור־אלטע טויטע חיות מיט פויגלעך, וועלכע האָבען געלעבט אין יענע צייטען. אזוי איז די ערד אלץ גרעבער און דיקער געוואָרען, ביז דער מענש איז בעשאפען געוואָרען אויף איהר.

אויף אזא אופן האָבען די געאָלאָגען צוטהיילט די ערד, פון דער צייט, וואָס אויף איהר איז געוואָרען די ערשטע קאָרע, וועלכע האָט בעדעקט דעם פייער, ביז דער צייט, ווען זי איז געוואָרען פאָלקאָם — דאָס איז די צייט, ווען דער מענש איז בעשאפען געוואָרען — אויף פיער תקופות (עראס), און יעדע תקופה האָבען זיי צוטהיילט אויף קאָרעס און סלאָיעס, עפּאָכעס און פּעריאָדען. וועלכע זיי האָבען אויסגעפונען אין דער ערד.

## 1—די אַרכייאישע ערא.

די ערשטע תקופה רופט זיך די ארכייאישע ערא.
אין דיעזער תקופה פון דער ערד צעהלען זיי צוויי קאַרעס.

### די ערשטע קאַרע.

די ערשטע קאַרע, וואָס האָט בעדעקט דעם פייער און וועלכע האָט זיך אָנגעהויבען רופען מיט דעם נאָמען ערד, בעשטעהט פון די שטאָפען און מאטעריאַלען גראַניט און פראָפיר אין די גרעב פון דרייסיג טויזענד פוס. נאָך די ערקלעהרונגען פון די געאָלאָגען און חוקרים דאָוסאָן און לאָיעל האָט די ערד אָנגעהויבען שוואַנ־גערען אין דער לעצטער צייט פון דיעזער קאַרע. זי האָט דאַן אָנגעהויבען ארויסלאָזען פון זיך וואָרצלען פון וואקסונג, וועלכע זיינען געווען דער אָנפאַנג פון פלאַנצונג. דארום האָבען זיי אָנ־גערופען די קאַרע „דער פריהמאָרגען פון בעשעפעניש“.

### די צווייטע קאַרע.

די צווייטע קאַרע פון דער ערד הייסט די „קאמברייאישע עפּאָכע“. דער צווייטער סלאָי ערד איז די גרעב אן ערך פינף און צוואנציג טויזענד פוס. דער סלאָי ערד בעשטעהט פון גרינגע ליים און נאָך פיעלע חמרים, וועלכע זיינען צומישט מיט טויטע קערפּערס פון אַלער ארט וואסער־ווימלונג: סקאָרפּיאָנען, יאזען, ים־שטערען מיט ווערים, וועלכע לעבען אין הליי און טין, וואָס די וואסער האָבען געווירמעלט אין דער צייט, וואָס זיי האָבען בעדעקט די ערשטע קאָרע פון דער ערד. און ווען די וואסער איז אראָפּ אין די ניעדריגע ערטער, ווייל די ערד איז דאָך אַלץ גע־וואָרען גרעבער און העכער אין די ערטער, וואו דער פייער האָט ארויסגעשפּייט צושמאָלצענע לאַווע, זיינען געבליבען די טויטע קערפּערס בעדעקט מיט טין, ליים און נאָך פיעלע שטאָפען, וועלכע די וואסער האָט מיט זיך געטראָגען אין דער צייט, וואָס זיי האָבען געשוואומען אויף דעם ערשטען סלאָי פון דער ערד און האָבען בעדעקט די טויטע קערפּערס.

## 2.—די פּאַלעאָזישע ערא.

די צווייטע תקופה הייסט „פּאַלעאזישע ערא“.
אין דער צווייטער תקופה צעהלען זיך פינף קאַרעס פון דער ערד.

## די דריטע קאָרע.

די דריטע קאָרע פון דער ערד רופט זיך „סילוריייאישע עפּאָכע“.

דער סלאָי ערד בעשטעהט פון זאמד, ליים און קאלך אין די גרעב פון אכטצעהן טויזענד פוס. אין דער ענדע פון דעם סלאָי פון אויבען האָט מען געפונען א קערפּער פון א טויטען סקאָרפּיאָן, וועלכער האָט געלעבט אויף דער טריקעניש, און וואָרצלען פון פלאנצונג. טויטע קערפּערס, וועלכע האָבען ביי זיך געהאט סלופּ־ביינער אויף זייערע רוקענס. די אלע קערפּערס מיט די וואָרצלען זיינען אומגעוואנדעלט געוואָרען אין שטיין־קוילען דורך די געזאלצענע וואסער מיט די שטויב און דאָסט פון אלער ארט מאטעריאלען און ברענענדיגע חמרים, וועלכע די וואסער האָט מיט זיך געטראָגען און האָט בעדעקט די קערפּערס און די וואָרצלען מיט שטויב און טין. די אלע קערפּערס זיינען געבליבען גאנץ אין זייער לעבעדיגען אויסזעהן, ווייל ווען די וואסער האָט געשוואומען איבער זיי, האָט זי זיי ביסלעכווייז און לאנגזאם בעדעקט מיט דינע שטויב, ביז זיי האָבען זיך בעדעקט אין גאנצען. דעריבער זיינען זיי געבליבען ליגען ווי א פורעם פערשטיינערט דורך די שטאָפּען, וועלכע געפינען זיך אין וואסער מיט אלע מעטאלען און ברענענדיגע חמרים, וועלכע די וואסער האָט געשווייגקט פון דער ערד. די שטויב פון די מעטאלען צומישט מיט ליים און טין זיינען פערהארטעוועט געוואָרען און די קערפּערס זיינען געבליבען אין זייער גאנצען געשטאלט. פון דעם איז לייכט צו פערשטעהן, אז יעדער בעשעפעניש מיט אלע פלאנצונגען, וועלכע האָבען געלעבט אויף דער ערד אין די פאָריגע סלאָיעס פון דער ערד איידער דער מענש איז בעשאפען געוואָרען, זיינען אלע געבליבען גאנץ אין זייער פאָריגען אויסזעהן, דען ניט הענד האָבען זיי בעגראָבען, וועלכע שיטען אָן מיט א מאָל א גאנצען בארג ערד, דורך וועלכע דער קערפּער ווערט צופוילט, נאָר די נאטור האָט זיי בעדעקט, און בעדעקט לאנגזאם.

## די פיערטע קאָרע.

דער פיערטער סלאָי פון דער ערד הייסט „דעוואָן“.

דער סלאָי ערד בעשטעהט פון רויטע זאמד און פיעלע ארטען פלאנצען, וועלכע האָבען זיך אומגעוואנדעלט אין שטיין־קוילען דורך די לאווע, וועלכע האָט געפלאָסען אויף זיי אין יענער צייט. און דאָס וואסער האָט זיך געמוזט געפינען א נייעם וועג; דאָס וואסער האָט בעדעקט אלע פלאנצען און האָט זיי בעשאָטען מיט

דאָסט און טין. די גרעב פון די פערגליווערטע לאווע, וואָס דער פייער האָט דאן ארויסגעגאָסען אויף דער ערד, איז אן ערך פון זעקס טויזענד פוס. מיר קענען לייכט פערשטעהן, וויפיעל דער פייער האָט דאן געארבייט, ביז ער האָט בעדעקט די ערד מיט אזא גראָבען סלאָי לאווא פון זעקס טויזענד פוס.

די פינפטע קאָרע.

די פינפטע קאָרע פון דער ערד הייסט „בערגיגער שטאָף“. דער סלאָי ערד בעשטעהט פון טויטע קערפּערס, וועלכע דאָס וואסער האָט געווימעלט אין יענער צייט זעהר פיעל — קאָראַלען בוימער, בעדעקט מיט קערפּערס פון פערשטיינערטע ראקעס און נאָך פיעלע וואסער-ווימלונגען אין דער גרעב פון פינף טויזענד פוס, אויסער מעטאַלען, זאמד. שטיינער, קאַלך און נאָך אזעלכע חמרים.

די זעקסטע קאָרע.

די זעקסטע קאָרע הייסט „דער פעריאָד פון שטיין-קוילענדע וועלדער“.

דער סלאָי ערד בעשטעהט איבערהויפּט פון וועלדער שטיין-קוילען. הויכע און גראָבע גיגאנטען-בוימער זיינען דאן געוואקסען, וואָס אין דער איצטיגער צייט קען מען גאָר ניט געפינען קיין גלייכען צו זיי, ווי אין דער הויף-אזוי אין דער גרעב און אָרט. די אלע בוימער און גראָזען זיינען געוואָקסען אויף דעם גאנצען ערד-קוגעל, דען קיין מענש און קיין חיה איז נאָך דאן ניט געווען, וואָס זאָל טרעטען אויף זיי אָדער אויסהאקען זיי און שניידען די גראָז ווי איצט. ווי מיר זעהען מיט אונזערע אויגען, ווערען די ערטער, אויף וועלכע מענשען טרעטען ניט, בעוואָקסען מיט פלאנצען. דאן זיינען, אלזאָ, געוואקסען בוימער אויף דער גאנ-צער ערד. דער פייער האָט דאָך אָבער אלץ צושפּאָלטען די ערד און געגאָסען אויף איהר לאווע. די ערד ווערט העכער און דאָס וואסער מוז ארונטערפליסען אין די ניעדריגע ערטער און האָט בעדעקט די פלאנצען און די בוימער מיט דאסט און טין פון אלער ארט מאטעריאלען מיט ברענענדיגע שטאָפען. די אלע פלאנצען האָבען זיך אומגעוואנדעלט אין שטיין-קוילען, וועלכע מיר בענוצען איצט צום ברענען, אַנשטאָט די לעבעדיגע בוימער וואָס וואקסען איצט. און ניט נאָר די פלאנצען זיינען פערוואנדעלט געוואָרען אין שטיין-קוילען. נאָר אויך אלער ארט ווימלונג און לעבעדיגע בעשעפענישען פון דער ערד. די גרויזאמע פישען פון ים, וועלכע

האָבען געלעבט ביז יענער צייט, זיינען אַלע אומגעוואַנדעלט גע־וואָרען אין שטיין־קוילען.

די טויטע קערפּערס פון דער ערד, וואָס די געאָלאָגען האָבען געפונען אין דעם סלאַי ערד, זיינען אַזוי גרויס, אַז עס נעהמט נאָר אָן א שוידער, ווען מען גיט זאָגאר א קוק אויף זייערע סקעלעטען. אין דעם סלאַי ערד האָבען זיי געפונען א היישעריג די גרויס אָנדערהאַלבען איילען, שפּרינגענדיגע קוזנעציקעס די גרויס ווי א הוהן און פליינען דריי־פערטעל אַרשין די גרויס. די בעשעפּענישען פון דער ערד מיט אַלע פּראָדוקטען, וואָס די ערד האָט דאַן ארויסגעלאָזען פון זיך, זיינען געווען אין דער גרויס נאָך די אומשטענדען פון דער ערד זעלבסט, דען די ערד איז דאַן אויך געווען פיעל גרעסער ווי איצט. זי איז נאָך ניט געווען אַזוי פיעל איינגעדארט, ווייל דער פייער איז נאָך געווען אין איהר זעהר גרויס. ווי עס ווייזט אויס, האָט געמוזט געדויערען מעהר פון זעקס טעג ביז ווען אזא סלאַי ערד איז געוואָרען.

די זיעבעטע קאָרע.

די זיבעטע קאָרע פון דער ערד הייסט „דער גרויסער צווישענ־שייד“. אויף דעם סלאַי ערד פון שטיין־קוילען איז בעדעקט א גראָבע קאָרע, אין וועלכער עס געפינען זיך ניט קיין פלאַנצען און קיין טויטער קערפּער פון לעבעדיגע בעשעפּענישען. מיר האָבען דאָס רעכט אָנצורופען די צייט פון דער קאָרע מיט דעם נאָמען „שלאָפענדע אָדער טויטע צייט“ און די קאָרעס מיט די סלאַיעס פון דער ערד, וועלכע האָבען בעדעקט די ערד נאָך דעם, ביז דער צייט וואָס דער מענש איז בעשאַפען געוואָרען קענען מיר אָנרופען מיט דעם נאָמען „די לעבעדיגע צייט“ אָדער פּראָסט „תחית המתים צייט“.

דער פייער, וועלכער געפינט זיך אין דער ערד, האָט דאַן צושפּאָלטען די ערד אין פיעלע ערטער און האָט ארויסגעגאָסען לאַווע פון צוזאַמענגעלאָזענע מעטאַלען מיט שטיינער און אַלע איבעריגע שטאָפען, וועלכע געפינען זיך אין דעם פייער נאָך ביז היינטיגען טאָג. די לאַווע איז באַלד פערגליווערט געוואָרען און האָט בע־דעקט די ערד מיט א דיקער, גראָבער און האַרטער קאָרע. אין די ערטער, וואו דער פייער האָט געגאָסען די לאַווע, איז די ערד אַלץ העכער געוואָרען און פון זיי זיינען געבליבען ביז איצט די הויכע שטיינערנע בערג, וועלכע זיינען אימער בעדעקט מיט שנעע.

נאָך מיין מיינונג, שטימט די צייט גלייך מיט דעם פיערטען טאָג פון אונזער תורה, אין וועלכען עס זיינען אויסגעהאַנגען גע־

ווארען די ליכטער פון הימעל: די זון מיט דער לבנה און די שטערען, ווי איך וועל דאס ערקלעהרען צו דעם פיערטען טאג פון דער ערד־בעשאפונג, וואס איז געשריבען אין אונזער תורה, דען אין דעם פיערטען טאג פון דער תורה איז אויך ניט דערמאנט געווארען קיין בעשעפעניש אויף דער ערד, וועלכע זי האט פראָ־דוצירט, אויסער דער זון און די לבנה און די שטערען.

### 3.—די מעזאזייאישע ערא.

די דריטע תקופה פון דער ערד הייסט „מעזאזואישע ערא". אין דער תקופה רעכענען זיך פיער סלאיעס פון דער ערד.

#### די אכטע קארע.

די אכטע קארע פון דער ערד, וועלכע צעהלט זיך די ערשטע קארע פון דער דריטער תקופה, הייסט „פערמישטע טריאסאווע עפאכע".

דער סלאי ערד בעשטעהט פון זאלץ־שטיינער, קאלך און וואפנע, אויך קליינע שטיינער פון אלערהאנד קאלירען. אין דער ענדע פון דעם סלאי האט די ערד אנגעהויבען פליסען וואסער, וועלכע זיינען געווארען גוט צום טרינקען פאר דעם מענשען און פאר אלע לעבעדיגע בעשעפענישען. דען די וואסער, וואס איז געוועזען ביז דעם אכט סלאי ערד, האט ניט געטויגט צום טרינקען, ווארים זיי זיינען געוועזען זעהר געזאלצען, נאך מעהר ווי די איצ־טיגע ים־וואסער. נאר ווען די ערד האט זיך בעדעקט מיט דער אכטער קארע, האט זיך די וואסער דיסטילירט דורך די קאלך מיט די וואפנע און עס איז געבליבען א דיקע קארע פון זאלץ. די וואסער איז געווארען ריין און געשמאק צום טרינקען. דאן האט די ערד אנגעהויבען ארויסלאזען פון זיך ווארצלען פון מאנכע פלאנצען. און אנשטאט די פאריגע טויטע פישען, וועלכע האבען געלעבט אין די פאריגע סלאיעס פון דער ערד און זיינען אויסגע־שטארבען אין דעם עלטער פון דער זיבעטער קארע פון דער ערד, ווען זי האט זיך בעדעקט מיט דער גראבער קארע פון לאווע, איז אין דער צייט פון דעם אכטען סלאי ערד בעשאפען געווארען די ארטען און מינים פישען, וועלכע געפינען זיך אין דער איצטיגער צייט.

פערנעהמט, אלע געלערענטע! בעקלעהרט דאס מיט א ריינעם, קלארען זינען, וועט איהר זיך ערקונדיגען, אז די זעלבע ערקלעה־רונג שרייבט אונזער תורה אויך, כאטש דער שרייבער פון דער

תורה האָט ניט געגראָבען די ערד אויסצוגעפינען וועלכע בעשעפענישען געפינען זיך אין זיי.

נאָך דעם אכטען סלאָי הויבען זיך אָן צו רעכענען די ערד־סלאָיעס פון דער נייער צייט, וועלכע שטימען גלייך מיט דעם פינפטען און זעקסטען טאָג פון אונזער תורה.

### די ניינטע קאָרע.

די ניינטע קאָרע פון דער ערד הייסט „די יורישע עפּאָכע“.

דער סלאָי ערד איז א דרייפאכער אין די גרעב פון דריי טויזענד פוס. דער אונטערשטער איז פון זאלץ און די צוויי אויבערשטע זיינען פון קליינע שטיינדלעך, וועלכע זיינען ניט גרעסער פון אַן איי. שווארצע און ברוינע ליים, צומישט מיט קערפּערס פון טויטע שרצים געפינען זיך אין דעם סלאָי אין די גרעב פון טויזענדער פוס. א מין סקאָרפּיאָן אָדער עקדיש האָט מען געפונען אין דעם סלאָי ערד, וועלכער האָט פיס די גרעב ווי די פיס פון א העלפאנד. דער געשטאלט זייערער איז ווי פויגעלשע פיס. זיין האלז איז געווען זעהר לאנג און אויסגעבויגען ווי ביי א גאנז. די הינטערשטע פיס זיינען לענגער פון די פאָדערשטע. די לענג זיינע איז געווען פון אכציג ביז הונדערט פוס. עס זעהט אויס, אז ער האָט געלעבט מעהר פון זעקס טעג.

### די צעהנטע קאָרע.

די צעהנטע קאָרע פון דער ערד הייסט „די צייט פון אומקריכענדע“.

אין דעם סלאָי ערד האָט מען געפונען א טויטען קערפּער פון א קיט און א קראָקאָדיל, וועלכער האָט געלעבט אויף דער טריקעניש, ניט אין וואסער. זיין לענג איז געווען פיערציג פוס. וועלכער האָט אין זיך געהאט די כחות מיט דער מאכט פון אלע דריי מינים לעבעדיגע בעשעפענישען: פליגלען האָט ער געהאט, ווי ביי א פלעדערמויז, פיס ווי ביי אומקריכענדע און א וויידעל פון א פיש, וועלכער איז געשוואומען אין וואסער, געגאנגען אויף דער טריקעניש און געפלויגען אין לופט. פיעלע מינים שלאנגען האָט מען געפונען אין דעם סלאָי ערד, וועלכע האָבען געגעסען גראָז. דער פּראָפעסאָר מארש האָט געפונען פינף מינים שלאנגען אזעלכע, א מין טשערעפּאכע אָדער פּראָש האָט מען געפונען אין דעם סלאָי, וועלכע האָבען געגעסען גראָז. נאָך א מין חיה האָט מען געפונען אין דעם סלאָי, וואָס די פאָדערשטע פיס איהרע זיינען געווען קירצער פון די הינטערשטע. אויסער די מינים האָט מען גע־

פונען אין דעם סלאַי פיעלע קערפּערס פון פערשיעדענע מינים חיות. אַן אָרט פויגעל האָט מען געפונען אין דעם סלאַי, וואָס האָט געהאַט צייהנער אין מויל און דער עק איהרער איז געווען זעהר לאַנג אין דעם געשטאַלט פון דעם עק פון א יאַשטשעריצע. דאָס צייגט אונז דייטליך, אַז ווי די ערד זעלבסט בייט איבער איהר געשטאַלט, ווי זי ווערט גרעבער און קעלטער, אַזוי בייט זיך איבער דער געשטאַלט פון די בעשעפּענישען, וועלכע ווערען געבאָרען אויף איהר. ווען די ערד ווערט עלטער, פערליערט זי איהרע פריגע איינגערע כחות מיט די געפיהלען און אויף זייער אָרט בעקומט זי נייע כחות מיט אנדערע געפיהלען, — דאָס זעלבע ווי דער מענש. און וואָס פאר א כחות און געפיהלען די ערד בעקומט, אזעלכע מינים בעשעפענישען לאָזט זי פון זיך אריים. דער סלאַי ערד שטימט גלייך מיט דעם פינפטען טאָג פון אונזער תורה.

## די עלפטע קאָרע.

די עלפטע קאָרע פון דער ערד הייסט „די קרייד צייט“.

דער סלאַי ערד בעשטעהט איבערהויפּט פון קרייד און קאַלך. די גרעב פון די קרייד איז זיעבען טויזענד פוס. אין דעם סלאַי ערד געפינט זיך זעהר פיעל פאָספאָר, וועלכע איז געוואָרען פון די טויטע קערפּערס פון די חיות, וואָס האָבען געלעבט אין דער צייט פון די אומקריכענדע. די גרעב פון דעם פאָספאָר איז אין ערך פון זעקס טויזענד פוס. אין דער ענדע פון דעם סלאַי ערד האָבען געוואַקסען בוימער פון די מינים, וועלכע געפינען זיך אין דער איצטיגער צייט אויך, נאָר די בוימער, וועלכע וואַקסען איצט מעהר ניט אין דעם הייסען קלימאַט פון דער ערד, האָבען דאַן געוואַקסען אין די ערטער פון איצטיגען קאַלטען קלימאַט אויך. דאָס צייגט אונז ריכטיג, אַז די היץ פון דער זון האָט דאַן געהערשט אויף דעם גאַנצען ערד־קוגעל גלייך, אָדער די ערד איז געווען ווארימער פון איצט, ווייל איהר האָבען געפעהלט צוויי סלאַיעס, און די פיער צייטען פון דער ערד זיינען דאַן ניט געווען גלייך מיט איצטיגע. אין יענער צייט זיינען בעשאַפען געוואָרען פיעל מינים פון די כשר'ע פיש, אָבער פיעלע אַרטען פון די חיות, וועלכע זיינען בעשאַפען געוואָרען אין דעם פריגען סלאַי, האָבען נאָך דאַמאָלס אויך געלעבט. אין דער עלטער פון יענער צייט זיינען בעשאַפען געוואָרען פיעלע מינים פויגלען. די צייט איז געווען דער סוף פון די אומקריכענדע און דער אָנהויב פון די פויגלען, וועלכע געפינען זיך איצט.

# 4.—די קאַנאַזוייאישע ערא.

די פיערטע תקופה פון דער ערד הייסט „קאנאזוייאישע ערא“.
אין דער תקופה צעהלען זיך די לעצטע צוויי קאָרעס פון דער ערד. די תקופה שטימט גלייך מיט דעם זעקסטען טאָג פון א נזער תורה.

### די צוועלפטע קאָרע.

דער צוועלפטער סלאַי פון דער ערד הייסט „די נייע צייט“. אין דער צייט זיינען בעשאפען געוואָרען פיעלע מינים חיות און פויגלעך פון איצטיגער צייט, וועלכע געפינען זיך אויף דער ערד ביז דעם טאָג, זאָגאר פון די וואָס זיינען מעלה גרה, נאָר שאָף און רינדער זיינען נאָך ניט געווען אין דער צייט פון דעם סלאַי. די רויב־חיות, וועלכע ערנעהרען זיך מיט פלייש פון אנדערע לעבע־דיגע בעשעפענישען, זיינען נאָך אויך ניט אלע בעשאפען געוואָרען אין דער צייט.

### די דרייצעהנטע און לעצטע קאָרע.

די דרייצעהנטע קאָרע, וועלכע איז דער לעצטער סלאַי פון דער ערד, אויף וועלכען מיר מענשען לעבען, הייסט „די אייז צייט און די מענש־בעשאפונג“.

אין דעם סוף פון אלע פאָריגע קאָרעס, וועלכע האָבען אָנגע־וואקסען און בעדעקט די ערד, ביז זי איז געוואָרען פאָלקאָם און האָט בעקומען איהר איצטיגע געשטאַלט, איז געווען אויף דער ערד זעהר גרויסע קעלט מיט ווינטען. פיעל יאָהרען לאנג איז געפאלען שנעע אויף דער ערד. די וואסער האָט בעגאָסען דעם שנעע און עס איז געוואָרען א גראָבער סלאַי אייז אין די גרעב פון דריי טויזענד פוס. דער סלאַי אייז האָט בעדעקט די דריי טהיילען פון דער ערד: אזיע, אייראָפא און אמעריקא. אין א צייט אַרום, יוען דער אייז איז צושמאָלצען געוואָרען, זיינען בעשאפען געוואָרען אלע חיות און בהמות, וועלכע געפינען זיך איצט מיט אונז מענשען, און נאָך די אלע לעבעדיגע בעשעפענישען. נאָר צום לעצטען איז בעשאפען געוואָרען דער בעסטער פון אלע בעשעפענישען און דער הערשער פון דער גאנצער ערד מיט אלץ, וואָס געפינט זיך אין איהר און אויף איהר — דער מענש.

נאָך די ערפינדונגען און ערקלעהרונגען פון איצטיגע חוקרים און געאָלאָגען, וועלכע האָבען אונז ערקלעהרט די בעשאפונג פון דער ערד און איהר ענטוויקלונג, זעהען מיר, אז די ערד איז אויף

גלייך מיט אלע בעשעפענישען, וועלכע געפינען זיך אויף איהר. זי האט אויך געהאט א זרע, די זאמען פון וואס זי האט זיך ענט־וויקעלט, ווי די זאמען פון יעדער לעבעדיגער בעשעפעניש אדער פלאנצונג. די זרע פון דער ערד האט זיך ענטוויקעלט און אויף איהר האט אנגעוואקסען קארעס און סלאיעס, ביז ווען זי איז גע־ווארען אין איהר פאלקאמען געשטאלט ווי איצט.

דאס זעלבע האבען מיר זיך ערקונדיגט, אז דער פייער מיט די וואסער זיינען די ערשטע עלעמענטען פון אלע בעשעפענישען, וועלכע געפינען זיך אין דער גאנצער וועלט מיט דער גאנצען נאטור. אויף די צוויי עלעמענטען ווירקט דער ווינד, דען אהן דעם ווינד קען קיין זאך אויף דער וועלט ניט עקזיסטירען. אט די דריי עלעמענטען האבען געהערשט און הערשען איצט און וועלען הערשען אייביג. אלע בעשעפענישען געפינען זיך אין ווערען, זיין און ניט ווערען. זיי ווערען געבוירען, זיי לעבען און ווערען פער־לארען. ביי דעם לעבען מיט דעם טויט איז אן אייביגע מלחמה. דער שטארקער בעזיעגט דעם שלאפען און פערנעהמט זיין פלאץ. די אלטע טרעטען אפ און לאזען זייער ארט פאר די נייע. אבער קיין זאך ווערט ניט פערלארען אין גאנצען, יעדע זאך בייט נאר איבער איהר פריהעריגע געשטאלט און ציהט אויף זיך אן א נייע געשטאלט.

איצט, ווען מיר האבען ערקלעהרט אין קורצען די דעות פון איצטיגע חוקרים און געלאגען וועגען די בעשאפונג פון דער ערד מיט אלעם, וואס איז דא אין איהר און אויף איהר, יעדע תקופה פון וויפיעל קארעס זי בעשטעהט און יעדע קארע פון וועלכע חמרים זי בעשטעהט און וועלכע בעשעפענישען געפינען זיך אין זיי, — איצט וועלען מיר אנהויבען ערקלעהרען די מיינונג פון דער ערד־בעשאפונג, וועלכע איז געשריבען אין אונזער תורה דורך אונזער ערשטען נביא משה, אום צו צייגען פאר דער גאנצער וועלט, אז אזא קלוגער פילאזאף ווי ער איז ניט געוועזן און ביז דעם לעצטען מענשען פון דער ערד וועט ניט דערגעהן צו דעם ברעג פון זיין חכמה, וועלכע איז ברייטער פון דער ערד און טיעפער פון ־עם ים. ווי אונזער קעניג דוד דריקט זיך אויס מיט די ווערטער: לכל תכלה ראיתי קץ רחבה מצותך מאד", ביי יעדער זאך האב איך געזעהן דעם סוף, אבער די תורה איז זעהר ברייט אהן א סוף. דער פאעט היינע דריקט זיך אויס וועגען אונזער נביא משה מיט דיעזע ווערטער: „ווי קליין האט אויסגעזעהן דער בארג סיני, אין דער צייט וואס דער גרויסער מאן משה איז אויף איהם גע־שטאנען!"

.7

## די ערד־בעשאַפונג אין אונזער תורה.

איידער איך וועל אָנהויבען ערקלעהרען די ערד־בעשאפונג פון אונזער תורה, געפין איך זיך פאר נויטיג צו מאכען אויפמערק־זאם דעם לעזער, אז די לאָגיק פון אונזער תורה איבערהויפט האָט אין זיך א כלל און א פרט, ד. ה. יעדע זאך, וואָס דער נביא וויל ערקלעהרען די היסטאָריע, ווי דאָס האָט פאסירט, אָדער די מצוה, וואָס די אידען זאָלען טהאָן, שרייבט ער פריהער די טהעמע, וועגען וואָס ער וויל ריידען אין אלגעמיין, און נאָך דעם ערקלעהרט ער אונז דייטליך יעדע זאך בעזונדער, ווי דאָס האָט פאסירט און ווי אזוי דאָס איז געוואָרען, אָדער ווי זאָלען די אידען טהאָן די מצוה. פיעל מאָל טרעפט, אז ער ערקלעהרט איין זאך עטליכע מאָל. דאָס צווייטע מוז דער לעזער וויסען, אז די זון מיט די שטערען זיינען געווען איידער די ערד איז בעשאפען געוואָרען.

### הימעל און ערד.

בראשית ברא אלהים את השמים ואת הארץ — אין אָנפאנג האָט גאָט בעשאפען די הימלען מיט דער ערד. דאָס איז די טהעמע, דער כלל אין אלגעמיין, וועגען וואָס ער הויבט אָן צו ריידען. ער זאָגט אונז מיט די ווערטער בלויז, אז גאָט האָט בעשאפען די הימלען און אלעס וואָס אין זיי און די ערד מיט אלץ וואָס אויף איהר, און ניט זיי זיינען געוואָרען פון זיך זעלבסט. לייכטזיניג זיינען די מענשען, וועלכע זאָגען, אז דער וואָרט „שמים" האָט די בעדייטונג פון דעם אויר און לופט, וועלכער האָט קיין ברעג און קיין סוף ניט. דארום איז ביי זיי געווען א פראגע: ווי קען דאָס זיין, אז גאָט האָט בעשאפען די לופט, וואָס האָט קיין ברעג ניט". אָבער ווי איך האָב זיך ערקונדיגט גוט די מיינונג פון דעם שרייבער, וועלכער האָט געשריבען די תורה, האָב איך אויסגעפונען, אז די בעדייטונג פון דעם וואָרט „שמים" הייסט די אטמאָספערע, דער אויר און די לופט, וועלכע רינגעלט ארום די ערד, אָהן וועלכען דער מענש און קיין בעשעפעניש אויף דער ערד קענען ניט לעבען. אָט די לופט מיט דער אטמאָספערע האָט גאָט בעשאפען גלייך מיט דער ערד, דען כל זמן די ערד איז ניט

געוועז האָט דאָך די אטמאָספערע אויך ניט געקענט זיין, דען פון דער ערד זעלבסט איז געוואָרען די אטמאָספערע.

איצט הויבט ער אָן צו ערקלעהרען אונז דייטליך, ווי ער האָט בעשאפען די ערד.

והארץ היתה תהו ובהו: אָט די ערד, וואָס מיר אַלע געפינען זיך אויף איהר און וואָס אַלעס וואָס געפינט זיך אויף איהר איז געבאָרען פון איהר, איז איידער זי איז געוואָרען אַן ערד איז זי געוועזן „תהו ובהו". דאָס איז דער גרויסער פליסיגער שיטערער פייער, וועלכער איז געוועזן צומישט מיט אַלע מעטאלען און צושמאָלצענע חמרים. ער שרייבט אונז אָבער ניט פון וואָס דער פייער איז געוואָרען, ווי איצטיגע געלאָגען, דען זיי זאָגען אויך ניט בעשטימט, אז דער פייער איז געקומען פון דער זון. דאָס איז ביי זיי מעהר ניט ווי אַ מיינונג. וחשך על פני תהום, און פינסטער איז געוועזן אויפ׳ן אָפגרונד. דעם אויר מיט דער לופט, וועלכער האָט קיין סוף און קיין ברעג ניט, רופט דער שרייבער פון דער תורה מיט דעם נאָמען „תהום" און ניט „שמים". דעם תהום, זאָגט ער ניט, אז גאָט האָט איהם בעשאפען, דען ער איז געוועזן אַלע מאָל, און דארום זאָגט ער, אז פינסטער איז געוועזן אויפ׳ן אָפגרונד און ניט אויפ׳ן הימעל. דען וויבאַלד די ערד איז ניט געוועזן, האָט דאָך די ליכטיגקייט פון דער זון ניט געהאט אויף וואָס צו לייכטען, וואָרום אָהן אַ שאָטען קען ניט זיין קיין ליכטיגקייט, ווי מיר זעהען זעלבסט מיט אונזערע אויגען, ווען מיר צינדען אָן אַ לאָמפּ אין הויז, לייכט דער פייער אין דעם צימער, וואו ער ברענט, ווייל די ווענד מיט דעם פלאָאָר און דעם סילינג פערשטעלען די ליכטיגקייט, זי זאָל ניט ארויס אין דרויסען. אָבער ווען מיר זאָלען ארויסטראָגען דעם לאָמפּ אין דרויסען, יועט ער מעהר ניט לייכטען אויף דעם זעלבען פלאץ, וואו די ערד לאָזט ניט אריבער זיין ליכט, אָבער אין לופט לייכט ער ניט, ווייל דאָרטען איז ניטאָ וואָס זאָל פערהאלטען די ליכטיגקייט, געהט זי פערלאָרען. מיר קענען זיך ערקונדיגען די ריכטיגקייט פון דעם, ווען מיר זאָלען קוקען אין דער הויך אין אַ פינסטערער נאכט אין דער צייט וואָס אויף דער ערד ברענט אַ לאָמפּ. טאָ ווי באלד די ערד איז נאָך ניט געוועזן, האָט די ליכטיגקייט פון דער זון ניט געהאט אויף וואָס צו שיינען. דארום זאָגט די תורה, אז פינסטער איז געוועזן אויפ׳ן אָפגרונד. דער פייער זעלבסט, פון וועלכען די ערד האָט זיך ענטוויקעלט, וועלכער איז, נאָך מיין מיינונג, דאָס געוועזן דער „תהו ובהו", איז דעמאָלסט אויך געוועזן אַ פינסטערער, ווייל ער איז געוועזן צומישט מיט אַלע צושמאָלצענע מעטאלען

און דיקע, פינסטערע דאמפפען מיט פאגעס האבען איהם ארומ־גערינגעלט, — האט דאך דער פייער ניט געשיינט. דארום שרייבט ער, אז עס איז געווען פינסטער אויפ'ן אפגרונד.

דא האבען מיר פערענטפערט די ערשטע פראגע.

פון וואנען האט זיך גענומען וואסער?

ורוח אלהים מרחפת על פני המים — און א געטליכער גייסט האט געשוועבט איבער'ן וואסער. איז די פראגע: פון וואנען האט זיך גענומען וואסער?

מיר זעהען איצט מיט אונזערי אויגען, אז אין די גרויסע קעלטען פון ווינטער, ווען עס איז אין דרויסען א פראסט, ווערען פערפראָרען די שויבען פון די פענסטער, ווייל אין דרויסען איז קאלט און אין הויז איז ווארים; ווען עס בעגעגענט זיך היץ מיט קעלט, מוז ווערען וואסער. דאס זעלבע זעהען מיר, ווען דער מענש אטהעמט אין א קאלטען טאג, זעהט זיך די סטים און די פארע, וואס דער מענש לאזט ארויס פון זיין מויל. דאס ציינט אונז ווידער, אז פון קעלט און היץ מוז ווערען וואסער. יעדער מענש וויים, אז וואס העכער פון דער ערד איז אלץ קעלטער, ווי עס צייגען אונז די הויכע בערג פון דער ערד, וועלכע זיינען שטענדיג בעדעקט מיט שנעע, זאגאר אין די גרעסטע היצען פון א הייסען זומער־טאג. די חוקרים, וועלכע זיינען געגאנגען אויף די הויכע בערג, ציינען אונז, אז ווען זיי זיינען דערגאנגען אויף די בערג ביז דער הויך פון צעהן טויזענד פוס, האבען זיי ניט געהערט איינער וואס דער צווייטער רעדט, ווייל די לופט איז דארטען אזוי דין און שיטער, אז דעם מענשען'ס שטימע האט זיך ניט אן וואס אפצוקלאפען. פון נאז האט ביי זיי אנגעהויבען פליסען בלוט פון דער שארפער קעלט, וואס הערשט דארטען. טא וויבאלד דער גרויזאמער זודיגער פייער, פון וועלכען די ערד האט זיך ענט־וויקעלט, איז געווען אפען און קיין זאך האט ניט פערשטעלט זיינע היץ, איז דאך געוויס געווען אזא שטארקע היץ, וואס מיר מענשען קענען יעצט גאר ניט בעגרייפען. ווען אזא גרויסע היץ האט זיך בעגעגענט מיט זיין גרויסען געגנער — די קעלט, וואס איז אין דער הויך, האט דאך געמוזט ווערען וואסער, און נאך וויפיעל וואסער! אבער די וואסער איז דאן געהאנגען אין דער לופטען, עס האט ניט געקענט ארונטערקומען אויפ'ן פייער צוליעב דער גרויסער היץ, וואס דער פייער האט אין זיך געהאט. דארום זאגט ער, אז גאט'ס גייסט האט געשוועבט איבער'ן וואסער, דען קיין ערד איז נאך ניט געווען; עס איז נאר געווען פייער און

וואסער. דאָס וואסער האָט אָבער ביסלעכווייז, אין פערלויף פון יאָהרען לאַנג, אָפּגעקיהלט דעם פייער. די צושמאָלצענע מעטאלען האָבען זיך לאַנגזאם צוגויפגעקאָכט צוזאמען. דער פייער ווערט אַלץ קעלטער און די מעטאלען ווערען פערגליווערט, ווי דאָס אייז אויף די טייכען אין אָנהויב ווינטער. די פערגליווערטע מעטאלען פעראייניגען זיך אַלץ איינס מיט דאָס צווייטע, ביז עס האָט ענדליך בעדעקט דעם גאנצען פייער מיט אַ הארטער קאָרע. און דאן האָט שוין די זון געהאט אויף וואָס צו שיינען.

**ליכט.**

ויאמר אלהים יהי אור ויהי אור — האָט גאָט געזאָגט זאָל ווערען ליכטיג, איז געוואָרען ליכטיג. דען ווי נאָר עס איז געוואָרען אַ הארטע קאָרע ארום דעם פייער, האָט דאָך די קאָרע פערשטעלט די ליכטיגקייט פון דער זון און ניט געלאָזען אריבערגעהן ווייטער, איז געוואָרען ליכטיג אויף דער ערשטער קאָרע פון דער ערד. און ווי נאָר אויף דעם זייט, וואו די זון האָט געשיינט, איז געוואָרען ליכטיג, האָט דאָך געמוזט זיין אויף דעם צווייטען זייט פינסטער. די וואסער האָט דאן געגאָסען אויף דער קאָרע פון דער ערד אָהן אן אויפהער, דען די קאָרע, וואָס האָט בעדעקט דעם פייער איז געווען דין. זי האָט ניט געהאט קיין מאכט צו ביישטעהן אנטקעגען דעם גלודיגען פייער, וואָס אין איהר. דער פייער האָט שטענדיג צושפּאָלטען די קאָרע אין פיעלע ערטער און האָט ארויסגעגאָסען אויף דער קאָרע לאַווע פון צושמאָלצענע מעטאלען. די לופט איז נאָך דאמאָלס געווען זעהר הייס ארום דער קאָרע פון דער ערד, ממילא האָט דאָך דאן די וואסער געמוזט גיסען סטראקס אויף דער קאָרע פון אַלע זייטען. די ערד איז דאן געווען ארומגערינגעלט מיט וואסער, ווי דער געלכעל אין אַן איי. די ליכטיגקייט פון דער זון האָט דורכגעשיינט די וואסער, איז דאָך די ליכטיגקייט ניט געווען קיין קלאָרע ווי איצט, ביז דער צייט, וואָס דער פייער האָט אויף איהר אָנגעגאָסען פיעל לאַווע און די ערד האָט זיך בעדעקט נאָך מיט אַ גראָבען סלאָי, דאן — וירא אלהים את האור כי טוב ויבדל בין האור ובין החשך, ויהי ערב ויהי בקר יום אחד — האָט גאָט געזעהן, אז די ליכטיגקייט איז ריכטיג גוט, האָט ער אָפּגעטהיילט צווישען די ליכטיגקייט און צווישען די פינסטערניש, איז געוואָרען אָוועגד און פריה — איין טאָג, ד. ה. איין תקופה.

מיין מיינונג איז, אז די קאָמעטען, די שטערען, וועלכע ווייזען זיך צו אונז אין געוויסע פערשיעדענע צייטען, און אַ לאַנגער ליב־

טיגער שטראהל שיינט פון זיי אָפּ אין הימעל׳ס רוים, זיינען אויך אזעלכע ערדען ווי אונזער ערד איז געווען אין דער צייט פון דער ערשטער תקופה, ווען די וואסער האָט זי ארומגערינגעלט פון אלע זייטען. די שטראהלען פון דער זון שיינען דורך די וואסער פון דעם קאָמעט, דארום ווייזט זיך אונז אויס, ווי מיר זעהען א ליכטיגען, לאנגען שטראהל ארויסגעהענדיג פון דעם קאָמעט איבער דעם הימעל. נאָר עס ווענדט זיך וואו דער קאָמעט געפינט זיך, אין וואָס פאר א פּלאַץ ער שטעהט אנטקעגען דער זון. אויב דער קאָמעט געפינט זיך ביי דער זון צו דרום זייט, מוז זיין דער שטראהל צו צפון זייט, און אויב ער געפינט זיך אנטקעגען דער זון אין מזרח זייט, מוז זיין דער שטראהל צו מערב זייט, ווייל דער שטראהל פון דעם קאָמעט קומט דאָך פון די זון־שטראהלען, וועלכע שיינען אויף איהר דורך די וואסער, וואָס ארום דעם קאָמעט. דארום האָבען מיר, מענשען פון דער ערד, ניט וואָס צו שרעקען זיך פאר די געז פון דעם קאָמעט, דען די געז זיינע קען קיין מאָל ניט קומען צו דער ערד. דאָס קען מעהר ניט טרעפען מיט דער לבנה, זי זאָל קומען צווישען דער זון און דער ערד, ווייל זי געהט נעהנטער צו דער זון ווי די ערד. ווען די לבנה וואָלט געווען א קאָמעט, וואָלט איהר געז געקענט קומען אויף דער ערד.*)

אָבער די קאָמעטען, וועלכע מיר זעהען, זיינען פיעל מאָל ווייטער פון דער זון איידער די ערד. קען דאָך ניט זיין, אז דער געז פון איהרע שטראהלען זאָלען קומען אויף אונזער ערד. מיר איז א וואונדער וואָס די אסטראָנאָמען האָבען דאָס ניט אויס־געפונען ביז איצט. וואָרים אזעלכע פייערען, ווי דער פייער, יוואָס

*) ווי מיר זעהען מיט אונזערע אויגען, איז דער שטערן זעלבסט, פון וועלכע די קאָמעט־שטראהלען שיינען ארויס, ניט קיין גרויסער. די שטראהלען זיינע ציהען זיך בלויז צו איין זייט. דאָס צייגט אונז ריכטיג, אז די קאָמעטע זעלבסט לויכט ניט פון זיך, זי בעקומט בלויז איהר ליכטיגקייט פון דער זון, דען ווען זי זעלבסט וואָלט געשיינט, וואָלטען דאָך איהרע שטראהלען געווען אין אַלע זייטען. די קאָמעטען ווייזען זיך צו אונז אין געוויסע, בעשטימטע צייטען. דער העלים־קאָמעט ווייזט זיך צו אונז איין מאָל אין פינף און זיבעציג יאָהר. דערפון איז אונז לייכט צו פערשטעהן, אַז זיין יאָהר, אין וועלכען ער געהט ארום זיין אַקס ארום דער זון, געדויערט אונזערע פינף און זיבעציג יאָהר. מוזען מיר דאָך אַנערקענען, אַז די קאָמעטע איז פינף און זיבעציג מאָל ווייטער פון דער זון, איידער אונזער ערד. דארום איז גאָר אונמעגליך, אַז איהרע שטראהלען זאָלען קומען אויף אונזער ערד.

אונזער ערד האָט זיך ענטוויקעלט פון איהם, ווערען בעשאפען אין דעם אָפּגרונד פון הימעל יעדען טאָג, און פון די פייערען ווערען ערדען ווי אונזער ערד, ווען עס קומט זייער צייט, ווייל די צייט פון דער וועלט האָט דאָך קיין אָנהויב ניט און די לופט פון הימעל־אָבגרונד האָט קיין ברעג ניט. דארום האָבען געזאָגט אונזערע חכמים: „המחדש בטובו בכל יום מעשה בראשית", ד. ה. יעדען טאָג מאכט גאָט נייע ערדען. דאָסגלייכען שטארבען אָפּ יעדען טאָג פיעל ערדען; ווען דער פייער אין זיי ווערט אויסגעלאָשען, ווערען זיי קאלט און דאן איז די ענדע פון זייער לעבען. *)

פיעלע מענשען וואונדערען זיך פאר וואָס ער האָט געשריבען פריהער „אָווענד" און דערנאָך „פריה". יעדען מענשען איז בע־וואוסט, אז דער אָווענד מיט דעם פריהמאָרגען זיינען שטענדיג אויף דער ערד, וואָרים זי איז דאָך קיילעכדיג, און ווען עס ווערט אויף איין זייט אָווענד מוז ווערען אויף דעם צווייטען זייט פריה־מאָרגען. עס געהט ניט אריבער איין סעקונדע, זייט דעם אָנפאנג פון דער צייט וואָס די ערד איז בעשאפען געוואָרען, ווען אויף איהר זאָלען ניט הערשען אלע צייטען פון דעם מעת־לעת גלייך. אזוי זאָגט קהלת: „וזרח השמש ובא השמש", די זון שיינט אויף און די זון פערגעהט. ווייל אין דער זעלבער צייט וואָס די זון הויבט אָן שיינען אויף איין שטח פון דער ערד, מוז זי אין דעם צווייטען געגענשטעהענדיגען אָרט אונטערגעהן. טאָ פאר וואָס זשע קומט דעם אָווענד ער זאָל זיין בעפאָר דעם פריהמאָרגען?

נאָך מיין מיינונג אָבער איז ריכטיג, אז דער אָווענד איז געווען פאר דעם פריהמאָרגען. איך האָב שוין ערקלעהרט, אז איידער די ערד האָט זיך בעדעקט מיט דער ערשטער קאָרע, איז געווען פינסטער, ווייל די זון האָט ניט געהאט אויף וואָס צו שיינען, און דער פייער, דער תהו ובהו, וועלכער איז געווען צומישט מיט די צושמאָלצענע מעטאלען איז אויך געווען פינסטער. די קאָרע איז דאָך אָבער ניט געוואָרען אין איין סעקונדע. עס האָט דאָך געדויערט יאָהרען לאנג ביז די קאָרע האָט בעדעקט דעם פייער, איז דאָך זעלבסטפערשטענדליך, אז די ליכטיגקייט, וועלכע מיר האָבען איצט, איז אויך ניט געוואָרען מיט א מאָל, נאָר ביסלעכווייז, איז דאָך די ליכטיגקייט געווען פריהער, ווי איצט אָווענד, ביז ווען דער פייער האָט זיך אין גאנצען בעדעקט מיט א הארטער קאָרע. דארום רופט ער איהם „ערב", ווייל דער וואָרט ערב אין העברעאיש

*) דאָס זעלבע, ווי מיר ווייסען, אז יעדען טאָג ווערען געבאָרען אויף דער ערד און שטאַרבען מענשען. אָבער דער מין מענש האָט דאָך אַן אָנפאנג און די שטערען ניט.

הייסט צומישונג; עס איז געווען צומישט ליכטיגקייט מיט פינ־
סטערניש, ווי איצט אָווענד.

דאָס איז געווען די ערשטע תקופה נאָך אונזער תורה.

## די אַטמאָספערע.

„ויאמר אלקים יהי רקיע בתוך המים, ויהי מבדיל בין מים למים. ויקרא אלקים לרקיע שמים, ויהי ערב ויהי בקר יום שני". האָט גאָט געזאָגט, זאָל ווערען א פערשפרייטונג אין די וואסער, ער זאָל אָבטהיילען צווישען וואסער און וואסער, האָט גאָט אָנגע־רופען די פערשפרייטונג „שמים", הימעל. איז געוואָרען אָיוענד און פריה, דער צווייטער טאָג.

יעדע בעציהונג, יעדע פערשפרייטונג רופט זיך אין העב־רעאיש „רקיע". מיר געפינען אין חומש (קרח) „רקועי פחים", בעציהונג פון בלעך. אין ישעי׳ — „וצורף בזהב ירקענו", דער גאָלדשמיעד בעציהט איהם מיט גאָלד. די אטמאָספערע מיט די אוירים, וועלכע רינגלען ארום די ערד, רופען זיך אויך רקיע, ווייל זיי זיינען א בעציהונג ארום דער ערד. אונזערע חכמי התלמוד האָבען אויסגעפונען, אז עס איז זיינען דאָ זיעבען רקיעים איינער העכער פון דעם צווייטען און יעדע בעציהונג האָט א בעזונדער נאָמען. (איך וויים ניט ריכטיג, צו זיי האָבען געהאט די זעלבע מיינונג וועגען דעם רקיע ווי איך). נאָר אונזער תורה רופט די אלע אוירים מיט דעם נאָמען „שמים", פון דעם וואָרט שם, דאָרטען, אזוי ווי פון יד ווערט ידים. דאָ זעהען מיר ריכטיג און דייטליך, אז מיט דעם וואָרט „שמים" מיינט ניט די תורה דעם אויר מיט דער לופט, וואָס האָט קיין ברעג און קיין סוף ניט, ווי מען האָט געמיינט ביז איצט, נאָר די אטמאָספערע, וועלכע רינגעלט ארום די ערד. דארום שרייבט די תורה דייטליך, אז דעם שמים, די אטמאָספערע האָט ער בעשאפען דעם צווייטען טאָג, דען אין דעם ערשטען טאָג האָט נאָך ניט געקענט זיין קיין אטמאָספערע, דען די קאָרע פון דער ערד איז געווען זעהר דין, דער פייער האָט צושפּאָלטען די קאָרע אין פיעלע ערטער און האָט געגאָסען לאווע. די לופט ארום דער קאָרע איז געווען זעהר הייס. וואסער האָט געגאָסען אָהן אן אויפהער. בלויז אין דעם צווייטען טאָג, ווען די ערד האָט זיך בעדעקט נאָך מיט פיעלע קאָרעס און סלאָיעס, איז די לופט ארום דער ערד געוואָרען קאַלט, האָט די וואסער אויפ־געהערט צו גיסען. אָט די לופט האָט ער געגעבען א נאָמען „רקיע", ווייל ער איז א בעציהונג ארום דער ערד און ער איז מיט דעם אויך דער צווישענשייד צווישען די אויבערשטע און צווישען די

אונטערשטע וואסער, דען ווי נאָר עס איז געוואָרען א קאַלטע לופט ארום דער ערד האָט דאָך שוין דאָס וואסער פון אויבען אויפגע־הערט צו גיסען. בלויז דאָס וואסער, וואָס האָט געגאָסען אויף דער ערד ביז דער צייט, זיינען געבליבען אויף דער ערד.

מיר מוזען אָבער פערשטעהן, אז ניט נאָר איין אויר רינגעלט ארום די ערד, נאָר עס איז דאָ ארום דער ערד פיעל אוירים, איינער העכער פון דעם צווייטען, און אַלע צוזאמען רופען זיך מיט דעם נאָמען „שמים“. דער אויר, וועלכער איז נאָהענט צו דער ערד, אָהן וועלכען קיין לעבעדיגע בעשעפעניש קען ניט לעבען אויף דער ערד, איז זעהר גראָב און דיק. דיעזער אויר גרייכט ביז די וואָל־קענס. דאָרט בייט זיך איבער א צווייטער אויר, א שיטערער און א דינערער פון דעם אויר וואָס איז נאָהענט ארום דער ערד. א ריכטיגער בעוויז אויף דעם איז די פארע (סטים), וואָס געהט ארויף שטענדיג פון דער ערד אַנטקעגען דער זון. ווי דער סטים געהט ארויף ביז דער הויך פון יענעם אויר, בעהעפטען זיך די קלייניגקע טראָפּענס פון דעם סטים דורך דעם קאַלטען ווינד, וועלכער הערשט דאָרטען שטענדיג, און זיי פאלען ארונטער אויף דער ערד אין גרויסע אָדער קליינע טראָפּענס. אויב דאָרטען איז זעהר א קאַלטער ווינד, ווערען זיי פערפראָרען און ווערען האָגעל. דערפון קען מען לייכט איינזעהן, אז דאָרט איז דער אויר אנדערש ווי נאָהענט ארום דער ערד.

אָבער יענער צווייטער אויר איז נאָך אויך גענוג גראָב און דיק, און דער אויר, וואָס איז נאָך העכער פון איהם, איז נאָך דינער און שיטערער פון איהם. אזוי זיינען דאָ אוירים אַלץ העכער און העכער, וואָס זיינען שיטערער און גרינגער פון די אוירים, וועלכע זיינען אונטער זיי, נעהנטער צו דער ערד. אָבער גאָר אין דעם העכסטען אויר פון דער ערד, וועלכער איז זעהר ווייט פון דער ערד, געפינען זיך אויך ברענענדע שטאָפּען און שטויב פון אַלערליי מעטאַלען, ווי עס ציינגען אונז די פליהענדע שטערען, וועלכע ווייזען זיך פאר אונזערע אויגען און אין איין אויגענבליק ווערען זיי פערשוואונדען. ווי מיר האָבען זיך איצט ערקונדיגט פון די אסטראָנאָמען, זיינען די פליהענדע שטערען גרויסע שטיקער ערד, וועלכע פליהען אין הימעל אָהן א צאָהל. זייער פליהען איז שנעלער און געשווינדער פון א ווינד. ווען אָט די שטערען פליהען דורך דעם העכסטען אויר פון דער ערד, צינדען זיי זיך אָן דורך די ברענענדע שטאָפּען, וועלכע געפינען זיך אין דעם אויר, און דאן זעהען מיר זיי מיט אונזערע אויגען. אָבער זיי פליהען אין איין אויגענבליק דורך און פערלעשען זיך, און מיר זעהען

זיי מעהר נישט. ווען דער שטערען פליהט אָבער דורך דעם
ניעדריגען אויר, וועלכער איז נעהנטער צו דער ערד, שלעפט איהם
די ערד צו צו זיך מיט איהר צוציהונגס־קראפט, וואָס זי האָט אין
זיך, און דער שטערען צורייסט זיך דורך די ברענענדע און רייסענדע
שטאָפען, וועלכע ער האָט אין זיך, און פאלט ארונטער אויף דער
ערד מיט א רעגען פון קליינע שטיין־קוילען.

די זון, וועלכע ווארימט די ערד און לייכט צו אלע לעבעדיגע
בעשעפענישען וואָס אויף דער ערד, צייגט אויך ריכטיג אויף דיעזע
ערקלעהרונג, אז די ערד האָט ארום זיך פיעלע אוירים. ווען די
זון געהט ארויף אין מיטען טאָג און שטעהט אנטקעגען אונז אין
מיטען הימעל, ווייזט זי אונז אויס קליין און דעם מענשען'ס אויגען
קענען קוים קוקען אויף איהר, אָבער פארנאכט אָדער אין דער
פריה, ווען די זון שטעהט אין ברעג הימעל, איז איהר אויסזעהן
פיעל גרעסער ווי אין מיטען טאָג; זי בעקומט דאן א פיאָלעטעווען
אָדער רויטען געשטאלט און דעם מענשען'ס אויג קען גלייך קוקען
אויף איהר. די אורזאכע דערפון איז, ווייל אין מיטען טאָג קוקען
מיר אויף דער זון דורך דעם ריינעם און קלאָרען אויר, וואָרים דער
געדיכטער און דיקער אויר, וועלכער רינגעלט ארום די ערד, איז
ניט זעהר הויך, ווייל ווען מיר זאָלען זאָגאר ארויפגעהן אין דער
הויך פון הונדערט פוס, וועלען מיר פיהלען, אז דער אויר האָט
זיך איבערגעביטען; ער איז ריין און שטיקט ניט אזוי ווי דער
אויר, וואָס איז נאָהענט צו דער ערד. וואָס העכער דער אויר איז,
אלץ ריינער און דינער איז ער. ווען מיר קוקען בייטאָג אויף דער
זון דורך דעם ריינעם און שיטערען אויר, איז אונז אונמעגליך צו
קוקען אויף איהר, ווייל די שטראהלען פון דער זון פאלען אונז
גלייך אריין אין די אויגען. אָבער פארנאכט אָדער גאנץ פריה,
ווען די זון געפינט זיך אין ברעג הימעל, קוקען מיר אויף דער זון
דורך דעם אויר, וואָס איז נאָהענט צו דער ערד וויפיעל די הויך
פון דעם מענש, וועלכער איז זעהר געדיכט און דיק און פערציהט
זיך איבער די גאנצע לענג פון דער ערד מיט די ימים און טייכען,
פון וועלכע עס געהען ארויף שטענדיג סטים און שטויב. דער
אויר פערשטעלט די שטראהלען פון דער זון, קענען מיר קוקען אויף
איהר. דער אויר האָט אין זיך די טהעטיגקייט פון א בלויליכען
בענאָקעל, וועלכער פערגרעסערט דעם אויסזעהן פון דער זון און
מאכט אז אונזער אויג זאָל זעהן די זון אין א רויטען קאָליר. זאָגאר
אין מיטען טאָג, ווען די ערד בעדעקט זיך מיט א טומאן, אָדער
ווען א שיטערער וואָלקען פערשטעלט די זון, בעקומט זי אויך א
פיאָלעטעווען קאָליר. דאָס אלעס צייגט אונז, אז די ערד האָט

ארום זיך ניט איין אויר, נאָר פיעל אוירים. די אלע אוירים צוזאמען רופט אונזער תורה „שמים" אָדער „רקיע השמים", וועל־כער האָט אָבגעטהיילט צווישען די אויבערשטע וואסער, זיי זאָלען מעהר ניט גיסען נאָכאנאנד, און צווישען די אונטערשטע וואסער, וואָס געפינט זיך אויף דער ערד.

אין מדרש בראשית האָב איך געפונען, אז איין חכם האָט זיך אויסגעדריקט מיט דער זעלבער מיינונג: „נגלדה טיפה אמצעית ונעשו שמים תחתונים ושמים עליונים", ד. ה. עס איז פערגליווערט געוואָרען דער מיטעלסטער טראָפּען, איז געוואָרען דער אונטער־שטער הימעל און דער אויבערשטער הימעל.

די תקופה איז ביי די געאָלאָגען ניטאָ, דען זיי שרייבען נאָר וואָס אין דער ערד געפינט זיך, אָבער ניט וואָס ארום דער ערד, העכער פון איהר.

איך רעכען, אז דער לעזער וועט פון דיעזער ערקלעהרונג פערשטעהן ריכטיג די פראגען: ווי אזוי איז געוואָרען ליכטיג, ווי האָט דער געטליכער גייסט געשוועבט איבער די וואסער און ווי אזוי איז עס געוואָרען די פערשפרייטונג צווישען די וואסער. דער שרייבער פון דער תורה האָט געוואוסט וואָס ער שרייבט.

מיר וועלען געהן ווייטער אויסצוגעפינען די מיינונג פון די איבעריגע פראזען, וועלכע ער האָט געשריבען וועגען דער ענטוויק־לונג פון דער ערד, כדי צו פערענטפערען די איבעריגע פראגען.

## יבשה, ימים און פלאַנצען.

„ויאמר אלקים יקוו המים מתחת השמים אל מקום אחד ותראה היבשה, ויקרא אלקים ליבשה ארץ ולמקוה המים קרא ימים, ויאמר אלקים תדשא הארץ דשא עשב מזריע זרע למינהו ועץ עושה פרי למינהו. ותצא הארץ דשא עשב מזריע זרע למינהו ועץ עושה פרי למינהו ויהי ערב ויהי בקר יום שלישי". האָט גאָט געזאָגט, אז דאָס וואסער, וואָס זיינען אונטער'ן הימעל (אונטער דער אטמאָ־ספערע) זאָלען זיך פערזאמלען אין איין אָרט, וועט זיך זעהן די טריקעניש. האָט ער אָנגערופען די טריקעניש „ערד" און די פער־זאמלונג פון די וואסער האָט ער אָנגערופען „ימים". און גאָט האָט געזאָגט, אז די ערד זאָל ארויסלאָזען אלער ארט פלאַנצונג: גראָז, וועלכע זאָל האָבען אין זיך זאָמען נאָך זייער ארט און בוימער, אויף וועלכע פרוכט זאָל וואַקסען, אין די פרוכט זאָל זיין די זאָמען פון דעם בוים. האָט די ערד ארויסגעלאָזען אלער ארט גראָז מיט זייער זאָמען און אלער ארט פרוכט־בוימער מיט זייער זאָמען. איז געוואָרען אָוועגד און פריה, א דריטער טאָג.

אין דעם צווייטען טאָג האָט ער אונז געשריבען, אז ארום דער ערד איז געוואָרען די אטמאָספערע, וועלכע האָט אויפגעהאַלטען די אויבערשטע וואסער זאָל מעהר ניט גיסען אויף דער ערד סטראַקס אַהן אַן אויפהער. מיר מוזען אָבער פערשטעהן, אז די קאָרע, וועלכע האָט בעדעקט דאמאָלס די ערד איז נאָך געווען דין און שוואך אנטקעגען דעם גרויסען, גלודיגען פייער, וועלכער איז געווען אין איהר. דער פייער האָט אימער צוריסען און צושפּאָלטען די קאָרע פון דער ערד אין פיעל ערטער און האָט אויף איהר ארויסגעגאָסען לאַווע: צושמאָלצענע מעטאַלען מיט שטיינער און אַש. די ערטער, וואו דער פייער האָט ארויסגעגאָסען די לאַווע, וואָס איז באלד פערגליווערט און הארט געוואָרען, זיינען געוואָרען גראָב און הויך, פון וועלכע עס זיינען געוואָרען די הויכע סקאַליסטע בערג. דאָס וואסער האָט געמוזט ארונטערגעהן פון די הויכע בערג אין די ניעדריגע ערטער פון דער ערד. זעלבסטפערשטענדליך זיינען די בערג ניט געוואָרען מיט א מאָל אין איין טאָג. עס האָט געמוזט געדויערען יאָהרען־לאַנג. דען מיר זעהען דאך איצט אויך, אז די פייער־שפּייענדע בערג שפּייען ניט נאָכאנאנד פייער מיט לאַווע, איז דאך דאָס וואסער אויך ניט ארונטערגעפלאָסען אין די ימים מיט א מאָל, נאָר לאַנגזאַם. אראָפּגעהענדיג פון די הויכע בערג האָט די וואסער געשווענקט און געקראַצט די בערג מיט די שטיינער, וועלכע דער פייער האָט ארויסגעוואָרפען און האָט זיי צוריבען אויף דינע זאַמד און שטויב, וועלכע האָבען ביסלעכווייז און לאַנג־זאַם בעדעקט די קאָרע פון דער ערד און די טויטע בעשעפעניש, וואָס די וואסער האָט דאַן געווירמעלט — מיט א סלאַי פון ווייכע ערד. וואו עס איז נאָר געווען ווייכע ערד, האָט שוין אָנגעהויבען וואקסען אויף דער ערד אַלער ארט גראָז מיט בוימער. וואָרים מיר זעהען דאך איצט אויך, אז וואו עס איז נאָך א ביסעל ווייך די ערד, וואַקסען פלאַנצונג. די גראָז מיט די בוימער האָבען דאַן בעדעקט די גאנצע טריקעניש פון דער ערד, ווייל עס איז דאך דאמאָלס ניט געווען קיין מענש און קיין חיה, וואָס זאָל טרעטען אויף דער ערד און שטערען די בוימער מיט די פלאַנצונג זיי זאָלען ניט וואַקסען. קיינער האָט ניט געהאַקט די בוימער און ניט גע־שניטען די גראָז, זיינען דאך די בוימער מיט די גראָז געוואַקסען אויף דער גאנצען ערד יאָהרען־לאַנג. דער פייער, וואָס אין דער ערד, האָט דאך אָבער ניט געשוויגען. ער האָט אַלץ צושפּאָלטען די ערד אין פיעלע ערטער און געגאָסען אויף איהר לאַווע. די

ערד ווערט גרעבער און דאָס וואסער האָט ניט קיין רוה; עס מוז זיך געפינען נייע ערטער. זיי האָבען געשוואומען אויף די בוימער מיט די פלאַנצונג און האָבען אויף זיי אָנגעטראָגען שטויב פון אלער ארט מעטאלען מיט פאָספאָר און נאָך ברענענדע שטאָפען, וואָס האָט אומגעוואנדעלט די בוימער אין שטיין-קוילען, ביז זיי האָבען זיי פערדעקט אין גאנצען מיט א גראָבען סלאָי ערד. מיט אָט דיעזע שטיין-קוילען, וואָס זיינען געוואָרען פון יענע פלאַנצונג, בענוצען מיר זיך איצט אלע מענשען פון דער ערד.

נאָך מיין מיינונג, ענטהאלט אין זיך דער דריטער טאָג פון אונזער תורה די פיער סלאָיען און קאָרעס פון דער ערד, וואָס די געאָלאָגען פון דער איצטיגער צייט רעכענען אין דער צווייטער ערא (תקופה), ביז דער זיבעטער קאָרע פון דער ערד, וואָס די געאָלאָגען האָבען אָנגערופען מיט דעם נאָמען „דער גרויסער צווישענשייד", ווען דער פייער אליין האָט געהערשט אויף דער ערד און האָט בעדעקט די ערד מיט אלע איהרע פלאַנצונג, מיט א דיקען סלאָי לאווע.

## די זון און די לבנה.

„ויאמר אלקים יהי מאורות ברקיע השמים להאיר על הארץ ולהבדיל בין היום ובין הלילה והיו לאותות ולמועדים ולימים ושנים, ויעש אלקים את שני המאורות הגדולים, את המאור הגדול לממשלת היום ואת המאור הקטן לממשלת הלילה ואת הכוכבים. ויהי ערב ויהי בקר יום רביעי". און גאָט האָט געזאָגט, עס זאָלען זיין ליכטער אין הימעל-רוים, וועלכע זאָלען לייכטען אויף דער ערד, זיי זאָלען אָבטהיילען צווישען טאָג און נאכט, זיי זאָלען זיין צו צייכענס און צו צייטען, צו טעג און צו יאָהרען. האָט גאָט גע-מאכט די צוויי גרויסע ליכטער (די זון מיט דער לבנה), די גרויסע ליכט זאָל הערשען בייטאָג און די קליינע ליכט זאָל הערשען ביי-נאכט מיט די שטערען. איז געוואָרען אָוועגד און פריה, דער פיערטער טאָג.

אום צו ערקלעהרען דייטליך און קלאָר די ווערטער, וואָס די תורה שרייבט אונז דאָ, אז אין דעם פיערטען טאָג האָט גאָט גע-מאכט די זון מיט דער לבנה, וועלכע זאָלען לייכטען בייטאָג און ביינאכט, פון וועלכע מיר זאָלען צעהלען די טעג מיט די יאָהרען, געפין איך פאר נויטיג פריהער צו געבען א משל, כדי יעדען מענשען זאָל דאָס זיין לייכט צו פערשטעהן. ווען מיר נעהמען אן עפּעל אָדער אן אנדער פרוכט, זעהען מיר, אז ווען ,עס איז פריש, איז עס גרוים און שווער. ווי דער עפּעל ווערט עלטער, ווערט ער

קליין און איינגעדארט און גרינגער; עס ווערען אויף איהם קאר־טשעס און קנייטשען, דאָ העכער און דאָ טיעפער און ניעדריגער, ווייל ער טריקענט דאָך איין.

דערפון קענען מיר פערשטעהן, אז דער פייער, דער „תהו ובהו", פון וועלכען די ערד האָט זיך ענטוויקעלט, איז געווען גרעסער און שווערער איידער די ערד איז איצט, אין דעם זעלבען ערך ווי דער פרישער עפעל איז גרעסער און שווערער פון דעם צו־דארטען און איינגעטריקענטען עפעל. ווען דער פייער האָט זיך בעדעקט מיט א הארטער קאָרע, האָט די קאָרע געדריקט און גע־פרעסט דעם פייער, וועלכער געפינט זיך אין איהר. דער פייער האָט אָבער אויך ניט געשוויגען. ער האָט צושפּאָלטען די ערד אין פיעלע ערטער און האָט געגאָסען אויף איהר לאווע אָהן אַן אויפהער. ביי זיי איז געווען אַן אייביגע מלחמה. די קאָרעס פון דער ערד ווערען אַלץ גרעבער און פרעסען איין דעם פייער. ממילא ווערט דאָך די ערד אַלץ דארער און קלענער. זי צוקאָר־טשעט זיך און עס ווערען אויף איהר טהאָלען מיט קליינע בערג.

ווי מיר האָבען שוין ערקלעהרט בעפאָר, ווייסען מיר, אז די זון איז געווען איידער די ערד איז געוואָרען, וואָרים די ערד מיט אַלע פּלאַנעטען דרעהען זיך דאָך ארום דער זון, האָט דאָך די זון געמוזט זיין פריהער. ווען ניט די זון, וואָלטען אַלע פּלאַנעטען מיט דער ערד ניט געהאַט אויף וואָס צו האַלטען זיך און וואָלטען צופליהען איינע פון די אנדערע, אָדער זיי וואָלטען ארויפגעפאַלען אויף די אנדערע פּלאַנעטען און וואָלטען צופאַלען אין שטיקלעך.

מיר מוזען אָבער אנערקענען, אז דאַן, ווען די ערד איז געווען גרעסער און שווערער, איז דער טאָג מיט דער נאַכט ניט געווען ווי איצט פיער און צוואַנציג שטונדען, נאָר פּאָזיטיוו מעהר.*) דאָס זעלבע איז דער יאָהר אויך געווען ניט דריי הונדערט מיט פינף און זעכציג טעג מיט זעקס שטונדען, נאָר פיעל מעהר, די פיער צייטען פון יאָהר: פריהלינג און זומער, הערבסט און ווינטער, זיינען דאַן אויך ניט געווען ווי איצט, ווייל ווען די ערד איז געווען גרעסער, האָט דאָך די זון מעהר געוואַרימט זי. דער פייער, וועלכער איז געווען אין דער ערד, איז אויך געווען פיעל הייסער און גלודיגער. אום מיר זאָלען וויסען ווען די ערד האָט אָנגע־הויבען געהן איהר רעגעלע צייט ווי איצט, שרייבט אונז די תורה, אז אין דעם פיערטען טאָג (די פיערטע תקופה), וועלכע איז, נאָך

*) איצטיגע אסטראָנאָמיע דענקט, אַז דאַן איז די ערד געפלויגען שנעלער איידער איצט. אָבער ווער קען דאָס איבערוועגען?

מיין מיינונג, געווען אין דער צייט, ווען די ערד האָט זיך בעדעקט מיט דער אכטער קאָרע, ווי איצטיגע חוקרים און געלאָגען האָבען אויסגעפונען, דאָס הייסט נאָך דער קאָרע פון דעם גרויסען צווישענ־שייד. נאָך דער צייט, וואָס דער פייער האָט צושפּאָלטען די ערד אין פיעלע ערטער און האָט זי בעדעקט מיט א גראָבען סלאָי פון לאַווע, וועלכער האָט פערניכטעט אלע פאָריגע בעשעפענישען און אלע פלאַנצונגען פון דער ערד. ווען דער פייער, וועלכער איז אין מיטען דער ערד געוואָרען וועניגער און די ערד האָט זיך איינ־געפרעסט און געוואָרען קלענער, דאַן האָט די ערד אָנגעהויבען געהן ארום דער זון איהר רעגעלע צייט ווי איצטער, פיער און צוואנציג שטונדען א מעת לעת. דער יאָהר איז געוואָרען דריי הונדערט פינף און זעכציג טעג און די פיער צייטען פון יאָהר האָבען זיך בעשטעטיגט יעדערער אין איהר בעשטימטער צייט, פריהלינג און זומער, הערבסט און ווינטער. דארום האָט די תורה געשריבען, אז די ליכטער זאָלען זיין צו טעג און צו יאָהרען און צו צייטען, דען פון דער פיערטער תקופה האָט די ערד אָנגעהויבען געהן ארום דער זון פיער און צוואנציג שעה א מעת־לעת, דער יאָהר איז געוואָרען דריי הונדערט פינף און זעכציג טעג און די פיער צייטען פון יאָהר האָבען זיך בעשטעטיגט יעדערע איהר צייט.

אונזערע חכמי התלמוד האָבען אויך געהאט די זעלבע מיינונג ווי איך. דארום האָבען זיי געזאָגט: „ביום הרביעי נתלו המאורות“, ד. ה. אין דעם פיערטען טאָג האָט מען אויפגעהאנגען די ליכטער. דיעזע ווערטער זאָגען אונז דייטליך, אז די זון מיט דער לבנה זיינען געווען פריהער אויך, איידער די ערד איז גע־וואָרען, נאָר אין דעם פיערטען טאָג האָט די ערד אָנגעהויבען געהן איהר רעגעלע צייט ארום דער זון.

דאָ איז פערענטפערט די פראגע, וואָס די פרייגעזאָגענע פרעגען: ווי קען דאָס זיין, אז גאָט האָט בעשאפען די זון מיט דער לבנה און די שטערען אין דעם פיערטען טאָג. די תורה שרייבט אלעס ריכטיג, די תורה רעדט ניט וועגען דער בעשאפונג פון דער זון מיט אלע שטערען. די תורה ערקלעהרט אונז נאָר אין קורצע ווערטער די ענטוויקלונג פון דער ערד, ווי זי האָט זיך ענטוויקעלט ביז דער צייט וואָס דער מענש איז בעשאפען געוואָרען, וועלכער איז די לעצטע בעשעפעניש און די בעסטע פון אלע. צוליעב וועלכען די גאנצע ערד און אלץ וואָס אויף איהר און אין איהר איז בעשאפען געוואָרען. דער מענש, וועלכער האָט שכל און דעת, זאָל האָבען אלע זיינע בעדערפנישען נאָך זיינע גע־פיהלען און פערשטאנד. אָבער מיט דעם אליין זאָל ער פער־

שטעהן, אז עס איז דאָ איינער, וועלכער מאכט דאָס אַלעס און וועלכער האָט אזוי פיעל דעת און שכל, וואָס דער מענש מיט זיין פערשטאנד קען גאָר קיין בעגריעף ניט האָבען, דען דער מענש איז דאָך אויך מעהר ניט ווי א קליינע בעשעפעניש, וואָס די ערד האָט פּראָדוצירט צוזאמען מיט איהרע אלע איבעריגע פּראָדוקטען און בעשעפענישען.

פון דער תקופה ווייסען אויך ניט היינטיגע חוקרים און געאָ־לאָגען, ווייל זיי ווייסען וואָס אין דער ערד געפינט זיך, אָבער ניט דאָס, וואָס ארום איהר.

לעבעדיגע בעשעפענישען.

„ויאמר אלקים ישרצו המים שרץ נפש חיה ועוף יעופף על הארץ על פני רקיע השמים, ויברא אלקים את התנינים הגדולים ואת כל נפש החיה אשר שרצו המים למיניהם ואת כל עוף כנף למינהו. ויהי ערב ויהי בקר יום חמישי“. און גאָט האָט געזאָגט, דאָס וואסער זאָל ווירמלען לעבעדיגע ווירמלונג און פויגלעך זאָלען פליהען אויף דער ערד אין דעם הימעל־רוים, האָט גאָט בעשאַפען די גרויסע פישען מיט אלע לעבעדיגע בעשעפענישען, וועלכע דאָס וואסער האָט געווירמעלט, נאָך זייער אַרט, און אלע פויגלעך מיט פליגלען נאָך זייער אַרט. איז געוואָרען אָוועגד און פריה, דער פינפטער טאָג.

ווי מיר האָבען זיך ערקונדיגט פון די ערשטע פיער טעג, אין וועלכע אונזער תורה האָט אונז ערקלעהרט די ענטוויקלונג פון דער ערד און אלעס, וואָס ארום איהר איז דאָ, זעהען מיר, אז די תורה שרייבט אונז נאָר וועגען די זאכען, וועלכע דער מענש זעהט מיט זיינע אויגען. אָבער וועגען די בעשעפענישען מיט אלע איבעריגע זאכען, וואָס איז פערהוילען פון דעם מענשען'ס אויג, דערמאָנט זי אונז איין וואָרט אויך ניט. זי האָט אונז געשריבען וועגען דאָס וואסער און דער ליכטיגקייט, וועגען דער אטמאָספערע וואָס ארום דער ערד, די ימים מיט די בערג, וועגען אלע פלאנצונגען, וועגען דער זון, דער לבנה און די שטערען. וועגען אלעס, וואָס דער מענש זעהט נאָר מיט זיינע אויגען, האָט די תורה אונז ער־קלעהרט יעדער זאך אין א בעשטימטער צייט, ווי זיי זיינען גע־וואָרען איינע נאָך די אנדערע, אָבער אין קורצע פראזען. איצט, ווען די תורה הויבט אָן צו רעדען וועגען לעבעדיגע בעשעפענישען, רעדט זי אויך מעהר ניט וועגען די לעבעדיגע בעשעפענישען וואָס מיר זעהען מיט אונזערע אויגען, אָבער ניט וועגען די, וואָס זיינען געווען אין די פריהעריגע סלאָיעס פון דער ערד, וועלכע זיינען

אָפּגעשטאָרבען און בערעקט געוואָרען מיט א דיקען סלאָי לאַווא, וואָס דער פייער האָט ארויפגעגאָסען אויף דער ערד אין דער צייט פון דער זיבעטער קאָרע וואָס האָט בעדעקט די ערד, ווי איצטיגע חוקרים און געאָלאָגען האָבען אויסגעפונען.

יעדער מענש זעהט מיט זיינע אויגען, אז קיין בעשעפעניש פון דער ערד ווערט ניט בעשאַפען פּאָלקאָם אין דעם טאָג, וואָס עס ווערט געבאָרען. מיר ווילען נעהמען, צום ביישפּיעל, די צפרדע, די פרעש. מיר ווייסען, אז ווען זיי ווערען געבאָרען שווימען זיי אין שטעהענדיגען וואסער אויף; זיי האָבען דאן א גראָבען קאָפּ מיט א לאנגען, שמאָלען גוף, קיין פיס האָבען זיי ניט. ווען זיי ווערען א ביסעל גרעסער, אין משך פון א מאָנאט, וואקסען ביי זיי אויס צוויי פיס מיט א לאנגען עק. עס געדויערט ניט קיין סך צייט, ביז עס וואקסען ביי זיי אויס נאָך צוויי פיס און דער גוף ווערט ברייט, בעת דער עק פערשווינדעט אין גאנצען. דאָסגלייכען זעהען מיר מיט די גראָז־פויגלעך, וועלכע פליהען אום צווישען די בוימער און אין גראָז. אין אונזער תורה רופען זיי זיך „שרץ העוף“. פריהער זיינען זיי גולמים (קוקאלקעס, קעטער־פּילערס), ארומגעוויקעלט מיט א ווייכער פוך. דערנאָך ווערען זיי ווערים מיט פיס, אין א קליינער צייט וואקסען ביי זיי אויס פליגלען און זיי פליהען אום. זייער לעבען געדויערט מעהר ניט ווי עטליכע מאָנאטען, ווייל ענדע זומער שטארבען זיי אויס, און עס ווערען אנדערע קוקאלקעס.

דערפון איז אונז לייכט צו פערשטעהן, אז אלע בעשעפענישען פון דער ערד האָבען געביטען זייער געשטאַלט און זייער גרויס נאָך די אומשטענדען פון דער ערד זעלבסט. ווען די ערד ווערט גרעבער און קעלטער, ווייל זי בעדעקט זיך מיט נייע סלאָיעס ערד, מוזען די פריהערדיגע בעשעפענישען אויסשטארבען. וואָרים זיי קענען ניט לעבען אין דער נייער אטמאָספערע, וואָס רינגעלט ארום די ערד, ווען זי ווערט גרעבער און קעלטער. אויף זייער אָרט ווערען געבאָרען אנדערע בעשעפענישען. דער שרייבער פון אונזער תורה, וועלכער, ווי מיר זעהען, האָט גוט געוואוסט זאָאָלאָגיע און געאָלאָגיע, האָט דאָך אָהן צווייפעל געוואוסט, אז אין די פריהערדיגע סלאָיעס פון דער ערד, ווען די קאָרעס פון דער ערד זיינען געווען ווייניגער ווי איצט און דער פייער, וואָס אין דער ערד איז געווען גרעסער און זודיגער, זיינען די בעשעפענישען פון דער ערד, וועלכע זי האָט געבאָרען אין יענע צייטען געווים געווען ניט גלייך מיט איצטיגע בעשעפענישען, ניט אין זייער געשטאַלט און ניט אין זייער גרויס. אָבער אונזער

תורה שרייבט אונז נאָר אין אַלגעמיין, ווען די אומקריכענדע מיט די פויגלען פון דער איצטיגער צייט האָבען אָנגעהויבען צו גע־באָרען ווערען, די יעניגע, וועלכע מיר זעהען מיט אונזערע אויגען. דארום שרייבט זי אונז, אז אין דעם פינפטען טאָג, די פינפטע תקופה פון דער ערד'ם ענטוויקלונג, — וואָס נאָך מיין מיינונג איז דאָס די צעהנטע און עלפטע קאָרעס פון דער ערד, — נאָך דער אויספאָרשונג פון איצטיגע חוקרים און געאָלאָגען, זיינען בעשאפען געוואָרען די אומקריכענדע און נאָך זיי זיינען בעשאפען געוואָרען די פויגלעך, ווייל עס זיינען דאָך פאראן פיעלע פויגלעך, וועלכע ערנעהרען זיך בלויז מיט די אומקריכענדע שרצים ורמשים, האָט דאָך גאָט געמוזט אָנגרייטען פאר די רויב־פויגלעך זייער שפייז, מיט וואָס זיי זאָלען אויפהאַלטען זייער לעבען.

וועגען בוימער און גראָז דארף ער דאָך אונז ניט שרייבען, אז זיי זיינען דאמאָלס געוואקסען, ווייל יעדער מענש פערשטעהט, אז אָהן די פלאנצען קענען ניט עקזיסטירען קיין לעבעדיגע בעשע־פענישען אויף דער יבשה, און זאָגאר אין וואסער זיינען דאָ פיעלע פישען, וועלכע ערנעהרען זיך מיט גראָז. אויסער דעם האָט ער דאָך געשריבען, אז אין דעם דריטען טאָג האָט די ערד פּראָדוצירט פלאנצונג.

דער מענש.

„ויאמר אלקים תוצא הארץ נפש חיה למינה: בהמה ורמש וחיתו ארץ למינה. ויאמר אלקים נעשה אדם בצלמנו כדמותנו. וירדו בדגת הים ובעוף השמים ובבהמה ובכל הארץ ובכל הרמש הרומש על הארץ". האָט געזאָגט, די ערד זאָל ארויסלאָזען אַלער ארט לעבעדיגע בעשעפענישען: בהמות און ווירמלונג מיט אַלע חיות פון דער ערד נאָך זייער ארט. און גאָט האָט געזאָגט, מיר וועלען מאכען א מענשען אין אונזער געשטאלט און אונזער גלייכען, וועלכער זאָל הערשען אויף די פיש פון ים, אויף די פויגלען וועלכע פליהען אין הימעל־רוים, אויף דער גאנצער ערד און אויף אַלע אומקריכענדע, וואָס קריכען אויף דער ערד. איז געוואָרען אָוועגד און פריה, דער זעקסטער טאָג, דער לעצטער פון אַלע טעג פון דער ערד־בעשאפונג.

מיר מוזען פערשטעהן, אז ווען די ערד האָט אויף זיך געהאט מעהר ניט ווי עלף סלאָיעס, — וועלכע די איצטיגע געאָלאָגען האָבען אויסגעפונען, ווי איך האָב געשריבען פריהער, — איז נאָך די ערד אַלץ געווען דין און דער קלימאט פון דער ערד איז נאָך געווען זעהר הייס, און איצטיגע בעשעפענישען וואָלטען דאן ניט

געקענט לעבען דען דער פייער, וואָס געפינט זיך אין דער ערד, איז נאָך דאמאָלס אויך געווען זעהר גרויס. וואָרום ווי די תורה אונזערע מיט דער וועלט־היסטאָריע שרייבען אונז, ווייסען מיר, אז אפילו נאָך דער בעשאפונג פון דעם מענשען אין פיעלע יאָהרען, האָט דער פייער פון דער ערד צושפּאָלטען זי אין פיעלע ערטער און פערברענט פיעלע שטעדט און בענאָסען זיי מיט לאַווע, אָהער אויף זייער אָרט זיינען געוואָרען טייכען און ימים. ווי די תורה דערצעהלט אונז וועגען דעם פייער, וועלכער האָט פערניכטעט סדום און עמורה און אויף זייער אָרט איז געוואָרען דער טויטער, געזאַלצענער ים. ישעיה הנביא שרייבט אונז וועגען עטליכע אַזעלכע פייערען, וועלכע האָבען פערניכטעט פיעלע לענדער און בעדעקט מאנכע מיט זיי מיט לאַווע: ארץ ישראל, אדום, בבל און נִנוה. דערפון איז אונז לייכט צו פערשטעהן, אז ווען די ערד האָט אויף זיך געהאט נאָר עלף קאָרעס און זי איז געווען דינער ווי איצט און דער פייער אין איהר איז געווען גרעסער, האָט דאָך פּאָזיטיוו געמוזט זיין דער קלימאַט אַרום דער ערד אויך זעהר הייס. די ערד האָט ניט געהאט דעם כח ארויסצולאָזען פון זיך אזעלכע בעשעפענישען, ווי די וואָס געפינען זיך איצט אין דעם מענשען, וועלכע קענען נאָר לעבען אין א קאַלטען קלימאַט. זי האָט נאָר געהאט דעם כח ארויסצולאָזען פון זיך אזעלכע גרויסע, גיגאנטישע בעשעפענישען ווי די ארטיאָזאַבּרעס, וועלכע די געאָ־לאָגען האָבען געפונען אין די סלאָיעס פון דער ערד איידער דער מענש איז בעשאַפען געוואָרען, וועלכע זיינען געווען ביז הונדערט פוס לאנג. דען נאָר יענע גרוויזאמע בעשעפענישען האָבען געקענט לעבען אין יענעם שיטערען און הייסען קלימאַט. בלויז אין דעם זעקסטען טאָג, ווען די ערד האָט זיך ביסלעכווייז בעדעקט מיט די לעצטע צוויי קאָרעס, די ערד איז געוואָרען גרעבער און די לופט מיט דעם אקלים אַרום דער ערד זיינען געוואָרען דיק און קאַלט, זיינען די פריהערדיגע גרויסע חיות אויסגעשטאָרבען, ווייל זיי האָבען שוין ניט געקענט לעבען אין דעם קאַלטען קלימאַט מיט דער אַטמאָספערע, וואָס איז געוואָרען אַרום דער ערד, און אויף זייער אָרט האָט די ערד ארויסגעלאָזען פון זיך די חיות מיט די קעמלען, פערד, בהמות און נאָך אזעלכע חיות, וואָס לעבען אין דער איצטיגער תקופה. נאָך די אַלע לעבעדיגע בעשעפע־נישען, איז אין א צייט אַרום בעשאַפען געוואָרען דער מענש, די בעסטע, די קליגסטע און די שעהנסטע פון אַלע בעשעפענישען און דער הערשער פון דער גאנצער ערד.

נאָך מיין מיינונג, שליעסט אין זיך איין דער זעקסטער טאָג

פון דער תורה די צוויי לעצטע סלאָיעס פון דער ערד. דאָס איז די פיערטע ערא, ווי די געאָלאָגען פון דער איצטיגער צייט האָבען אויסגעפונען. ווען די געאָלאָגען האָבען געגראָבען די ערד אויס־צופאָרשען יעדע קאָרע פון דער ערד, פון וואָס זי בעשטעהט און וועלכע בעשעפענישען עס געפינען זיך אין זיי, האָבען זיי אויס־געפונען, אז דער מענש איז בעשאפען געוואָרען צום לעצטען, וואָרים מעהר ניט ווי אין דעם אויבערשטען סלאָי ערד האָבען זיי געפונען סקעלעטען פון מענשען. ניעדריגער און טיעפער אין דער ערד האָבען זיי געפונען סקעלעטען פון טויטע חיות און בהמות. נאָך טיעפער און נאָך ניעדריגער האָבען זיי געפונען סקעלעטען פון די אורצייטיגע ארומקריכענדע. אלעס ווי אין אונזער תורה איז געשריבען.

דער אונטערשיעד פון די געאָלאָגען ביז אונזער תורה בע־שטעהט נאָר אין דעם, וואָס די געאָלאָגען, וועלכע האָבען געגראָבען די ערד אום אויסצוגעפינען פון וועלכע חמרים זי בעשטעהט, האָבען אויסגעפונען, אז זי האָט אין זיך דרייצעהן קאָרעס, וועלכע זיי האָבען צוטהיילט אויף פיער תקופות, ווייל זיי האָבען ניט געוואוסט די צייט ווען די אטמאָספערע איז געוואָרען ארום דער ערד, וואָס האָט אויפגעהאלטען דאָס אויבערשטע וואסער עס זאָל מעהר ניט גיסען אויף דער ערד. דאָס זעלבע ווייסען זיי ניט פון דער צייט, וואָס די ערד האָט אָנגעהויבען געהן איהר רעגעלע צייט ארום דער זון, פיער און צוואנציג שטונדען אין א מעת־לעת און דריי הונדערט פינף און זעכציג טעג אין א יאָהר. דארום איז ביי זיי אויסגעקומען ניט מעהר ווי פיער תקופות (עראס). אָבער אונזער תורה, וועלכע ווייס פון אלץ, האָט געוואוסט פון די צוויי צייטען אויך דייטליך. דארום האָט זי אונז צוטהיילט די ערד־בעשאפונג אויף זעקס תקופות. דען מיט דעם וואָרט „יום", וואָס איז געשריבען אין אונזער תורה, מיינט ניט דער שרייבער א טאָג פון פיער און צוואנציג שטונדען, ווי מיר רעכענען, נאָר א משך פון פיעלע יאָהרען, — די גאנצע צייט, וואָס די ערד־קולטור מיט די בעשעפענישען און אומשטענדען פון יענער צייט האָבען עקזיסטירט. דערנאָך, ווען עס האָט זיך אָנגעפאנגען א נייע קולטור מיט נייע אומשטענדען, האָט זיך אָנגעהויבען רע־כענען א נייע תקופה. די חכמי התלמוד, וועלכע האָבען גוט פער־שטאנען, אז אזא גרויסע ערד מיט אזעלכע גרויסע בעשעפענישען קענען ניט בעשאפען ווערען אין זעקס טעג, האָבען אויך געזאָגט „יומו של הקב"ה אלף שנים", גאָט'ס א טאָג איז טויזענד יאָהר.

זיי מיינען אָבער ניט טויזענד יאָהר פּינקטליך, ניט מעהר און ניט ווענינער. זיי מיינען אַ סך יאָהרען.

אונזער תורה האָט אָבער ניט בעשריבען די בעשאַפונג פון דער ערד מיט אַלעם וואָס אויף איהר איז כדי צו ערקלעהרען אונז ווי די ערד איז בעשאַפען געוואָרען, נאָר צוליעב אַן אנדער צוועק. די תורה אונזערע, וועלכע איז פול מיט הומאַניזם, און וועלכע וויים גוט די נאַטור און די כחות פון יעדער זאַך, אז קיין זאַך קען ניט ארבייטען כסדר אָהן אויפהער און מען דאַרף זעקס טעג ארבייטען און דעם זיעבעטען רוהען, דארום האָט זי אונז געשריבען, אז גאָט אַליין האָט אויך אזוי געטהאָן — זעקס טעג האָט איהם גענומען צו בעשאַפען די ערד און דעם זיבעטען טאָג האָט ער גערוהט. דארום האָט ער געמאַכט היילינ דעם זיבעטען טאָג, אז מיר אַלע זאָלען אויך רוהען דעם זיבעטען טאָג און ניט טהאָן קיין ארבייט. דערפון וועלען ארויסקומען צוויי פּעולות: דאָס ערשטע איז, וואָס דער מענש וועט רוהען דעם זיבעטען טאָג. ער וועט זיך קענען אָפּגעבען צו די גייסטיגע זאַכען פון לעבען. די מענשען וועלען זיך קענען צונויפריידען וועגען דעם אינהאַלט פון דער גאַנצער געזעלשאַפט און וועלען האָבען כחות צו ארבייטען די קומענדע זעקס טעג. די צווייטע פּעולה איז, וואָס מיט דעם וואָס ער וועט רוהען דעם זיבעטען טאָג, וועט ער אנערקענען, אז גאָט האָט בעשאַפען די ערד און ניט זי איז אַליין געוואָרען און אז ניט פיעלע געמער האָבען זי בעשאַפען, ווי אַלע פעלקער פון די פאַרצייטיגע יאָהרען האָבען געקלעהרט, נאָר איין גאָט. דאָס זעלבע הייסט אונז די תורה, אז אַ קנעכט אַ איד זאָל אויך מעהר ניט דיענען ווי זעקס יאָהר און דעם זיבעטען זאָל ער געהן פריי. די ערד זאָל מען אויך מעהר ניט זעען ווי זעקס יאָהר און דעם זיבעטען זאָל זי רוהען. ווען עס וועלען אריבערגעהן ניין און פערציג יאָהר, דאָס הייסט זיעבען מאָל זיעבען, זאָל די ערד רוהען צוויי יאָהר נאָכאַנאַנד. און נאָך פיעלע זאַכען, וואָס די תורה רעכענט אונז דעם זיבעטען אַלס היילינ.

---

איך בין זיכער, אַז פיעלע אָרטהאָדאָקסישע אידען וועלען אויף מיר זיין שטאַרק ברוגז, פאַר וואָס איך האָב דאָ ערקלעהרט די בעשאַפונג פון דער ערד, אז דער חמר „תהו וכהו" וואָס איז געשריבען אין דער תורה איז געווען דער פייער פון וועלכען די ערד האָט זיך ענטוויקעלט און אז די זעקס טעג, וועגען וועלכע עס ווערט געשריבען אין דער תורה, זיינען זעקס תקופות, וואָס בעשטעהען פון פיעלע יאָהרען. דען אין דעם מין מענש איז אויך

פאראן אזעלכע, וואס האבען דעם נאטור פון רויבענדע חיות צו עסען דעם עהרליכען מענש. ווען זיי וואלטען האבען דעם כח פון די פארצייטיגע אידען, וואלטען זיי מיך אין חרם אריינגע־ווארפען, ווי דעם רמב"ם מיט דעם רלב"ג זצ"ל. איך ווייס ניט בעשטימט, צו איך וואלט געשריבען דיזע ערקלעהרונג, ווען איך וואלט געלעבט אין זייער צייט, ווייל אין יענער צייט זיינען נאך אלע געגאנגען אין דער פינסטערניש. אזעלכע געלאגען ווי איצ־טיגע, וועלכע זאלען גראבען די ערד און אויסגעפינען פון וויפיעל סלאיעס זי בעשטעהט און וואס פאר א בעשעפעניש ען עס געפינען זיך אין יעדען סלאי, זיינען נאך דאמאלס ניט געווען. אלע מענשען האבען נאר געלעזען די ווערטער, ווי זיי זיינען געשריבען אין דער תורה, נאך די ערקלעהרונגען פון תלמוד, וועלכער האט יעטרענג פערזאגט, אז מען זאל וועגען זיי ניט רעדען און ניט טראכטען. ווען איך וואלט אין יענער צייט געשריבען אזא מיינונג, וואלט עס פיעלייכט געבראכט פיעל שאדען (און פיעלייכט אויך פיעל נוצען). פאר מיר פערזענליך וואלט דערפון זיכער ארויס־געקומען א שאדען. אבער אין דער איצטיגער צייט, ווען די מענשליכע קולטור איז דערגאנגען ביז אזא שטופע, ווען דער מענש האט אויסגעפונען ניט נאר געאלאגיע, נאר אויך אזעלכע חכמות, וואס וואלטען זיך אין יענער צייט גערעכענט פאר כשוף אדער גאט'ס וואונדער, — ווי עלעקטריציטעט, דראטלאזער טעלעגראף, עראפלאנען, טעלעפאן, גראמאפאן א. ד. גל. ווען משה וואלט געקומען צו פרעה'ן אין אן אויטאמאביל און וואלט אויסגעשאסען מיט א רעוואלווער און וואלט אוועקגעפיהרט די אידען מיט אן אייזענבאהן, וואלט גאר פרעה ניט געפרעגט ביי איהם „מי ה' ?" ווער איז דאס דער גאט „יהוה". ער וואלט גלייך אנערקענט משה'ן זעלבסט פאר א גאט און וואלט ארויסגעלאזען די אידען. פיעלייכט וואלט דאס גאנצע פאלק מצרים געווארען אידען. און וואס זעהען מיר איצט מיט אונזערע אויגען, אז יעדער פראסטער מענש, גאר ניט קיין געטליכער, פליהט אין לופטען, פאהרט אהן פערד, הערט וואס מ'רעדט פון איין עק וועלט ביז דעם צווייטען. דער גלויבען אין גאט געהט אונטער היינטיגע צייטען. דארום געפין איך פאר נויטיג צו שרייבען די ערקלעהרונג, כדי צו צייגען פאר דער וועלט, אז אונזער תורה האט געוואוסט פון אלע חכמות.

ווי האט געזאגט קהלת: „לכל עת", — אויף אלץ איז פאראן א צייט; עס איז דא א צייט צו שווייגען און א צייט צו ריידען. און איצט איז זיכער ניט די צייט צו שווייגען.

איך צווינג אייך אבער ניט, איהר זאלט מיר גלויבען אויפ'ן

וואָרט, אז מיין ערקלעהרונג איז א ריכטיגע. געהט אריין אין א מוזעאום, וואו עס געפינען זיך די סקעלעטען פון די טויטע חיות, וואָס די געאָלאָגען האָבען געפונען אין דער ערד בעדעקט מיט א סלאָי ערד איידער דער מענש איז בעשאפען געוואָרען, וועלכע זיינען פון אכציג ביז הונדערט פוס לאנג, וועט איהר זיך אליין פערטראכטען און וואונדערען: איז דאָס מעגליך, אז אזעלכע גרויסע בעשעפענישען האָבען געלעבט ניט מעהר ווי איין טאָג? ווי אונזער תורה שרייבט אונז, זיינען זיי בעשאפען געוואָרען דעם פינפטען טאָג. דער מענש איז בעשאפען געוואָרען דעם זעקסטען טאָג. מוזען מיר דאָך אנערקענען, אז די אלע ניגאנטישע חיות האָבען געלעבט בלויז איין טאָג, און אין דעם קומענדען טאָג האָט זיך די ערד בעדעקט מיט א גראָבען סלאָי ערד און האָט בע־גראָבען די אלע חיות. דאן האָט גאָט בעשאפען דעם מענש.

קען מען דאָס זאָגען פאר איצטיגע שקצים? זיי וועלען דאָך פון מיר לאכען. דאָס קענען מעהר ניט גלויבען די מענשען, וועלכע געהען אין דער פינסטערניש. דארום געה איך מיר מיין וועג און שרייב ווייטער נאָך מיין פערשטאנד, ווייל איך רעכען אז מיינע רייד זיינען ריכטיג. אויב איך האָב א טעות, בעט איך מיט אן אמת׳ער הארץ, אז מ׳זאָל מיר אויפווייזען דייטליך מיין טעות, אָבער אזוי אז צוויי מאָל צוויי זאָל ניט אויסקומען פינף, מיט סודות און מדרשים.

ביז דאנען האָבען מיר שוין ערקלעהרט דייטליך און פער־ענטפערט כמעט אלע פראגען, וועלכע איך האָב פריהער אָנגע־געבען. פאר אונז איז נאָך געבליבען נאָך איין פראגע ניט פער־ענטפערט, וואָס די תורה שרייבט אונז, אז דעם דריטען טאָג האָט די ערד ארויסגעלאָזען אלע פלאנצונגען מיט בוימער, אויף וועלכע עס האָט געוואקסען פרוכט. און נאָך אלע בעשאפונגען, שרייבט אונז די תורה, אז קיין גראָז און קיינע בוימער זיינען ניט גע־וואקסען און קיין רעגען האָט ניט גענאָסען אויף דער ערד, ביז דער צייט, וואָס דער מענש איז בעשאפען געוואָרען, אין דעם זעקסטען טאָג. לייקענט דאָך די תורה זיך זעלבסט.

דאָס זיינען די ווערטער, וועלכע זיינען געשריבען אין דער תורה, נאָך אלע בעשעפענישען:

„אלה תולדות השמים והארץ בהבראם ביום עשות הויה אלקים ארץ ושמים" — דאָס איז די היסטאָריע פונ׳ם הימעל און ערד, ווען זיי זיינען בעשאפען געוואָרען אין דעם טאָג, וואָס דער גאָט „הויה" האָט געמאכט די ערד און הימעל.

איך געפין דאָ פאר נויטיג אויפמערקזאם צו מאכען דעם

לעזער אויף צוויי זאכען: דאָס ערשטע איז, וואָס ער זאָגט בעפאָר „הימעל און ערד“ און דערנאָך זאָגט ער „ערד און הימעל“. דאָס צווייטע איז, וואָס אין אלע זעקס טעג, אין וועלכע גאָט האָט בעשאפען די ערד, האָט ער ניט דערמאָנט דעם נאָמען „הויה“, נאָר אלקים, און איצט שרייבט ער, אז דער גאָט „הויה“ האָט זי בעשאפען. איהר דארפט וויסען זיין, אז דער שרייבער פון דער תורה האָט ניט געשריבען איין וואָרט אומזיסט; יעדעס וואָרט זיינס איז הייליג. איהר קענט פערשטעהן פון דיעזען בוך, אז איך בין ניט קיין גרויסער פאנאטיקער, אָבער איך מוז אייך זאָגען, אז וואָס מעהר איך קלעהר וועגען די ווערטער און דער פאָעזיע פון אונזער תנ״ך, אלץ מעהר ווער איך ענטציקט פון דער חכמה אין דער פילאָזאָפיע, וואָס געפינען זיך אין זייערע ווערטער, אויס־געדריקט אין קורצע פראזען. די ווערטער פון אונזער תנ״ך זיינען פול מיט חן און לאָגיק, וואָס קיין שפראך אין דער וועלט האָט דאָס ניט; יעדער וואָרט איז א דימענט; יעדער פראזע איז א שאַץ. און ווען די תורה שרייבט אונז פריהער „הימעל און ערד“ און דערנאָך „ערד און הימעל“, איז דאָ געוויס פאראן א בעשטימ־טע כונה.

ווי איך האָב שוין ערקלעהרט פריהער אין דער ערד־בעשאפונג, וויסען מיר, אז דאָס וואָרט „שמים“ האָט די בעדייטונג אין העב־רעאיש די אטמאָספערע פון דער ערד, — אלע אוירים, וועלכע רינגלען זי ארום. איז דאָך זעלבסטפערשטענדליך, אז כל זמן די ערד איז ניט געווען, איז קיין אטמאָספערע אויך ניט געווען, וואָרים פון דער ערד זעלבסט איז דאָך געוואָרען איהר אטמאָ־ספערע, און ווען די ערד איז געוואָרען דיקער און גרעבער, איז די לופט מיט דער אטמאָספערע אויך געוואָרען גרעבער און געדיכטער. מוזען מיר דאָך אנערקענען, אז די ערד מיט דער אטמאָספערע זיינען גלייך געוואָרען. דארום שרייבט ער „הימעל און ערד“ און דערנאָך „ערד און הימעל“, צו צייגען אזביידע זיינען גלייך געוואָרען.

און ווארום האָט ער אין די זעקס טעג ניט דערמאָנט דעם נאָמען „הויה“, נאָר אלקים, און איצטער שרייבט ער „הויה אלקים“, ביידע נעמען. ווייל דער וואָרט „אלה“ האָט די בעדייטונג אין העברעאיש א גייסטליכע קראפט און „אלקים“ הייסט אלע גייסט־ליכע קרעפטען צוזאמען, וואָס מיר רופען מיט׳ן נאָמען „גאָט“. דעריבער קענען מיר זאָגען אלקינו, אלקיכם: אונזער גאָט, אייער גאָט א. ז. וו. אָבער דער נאָמען „הויה“ האָט פאר זיך גאָר קיין איבערזעצונג ניט, פונקט ווי דער נאָמען אברהם, יצחק א. ז. וו.

דערפאר קענען מיר ניט זאָגען „הויהנו, הויהכם“, פונקט ווי מיר קענען ניט זאָגען „אברהמנו, אברהמכם“. מיט דעם נאָמען „הויה“ האָבען די מענשען אָנגעהויבען רופען גאָט ערשט אין די שפּעטערע צייטען, אין די צייטען פון אנוש, ווי די תורה שרייבט אונז: „אָז הוחל לקרא בשם הויה“ — דאמאָלס האָט מען אָנגעהויבען רופען גאָט מיט'ן נאָמען „הויה“. דערפאר האָט ער געשריבען אין די זעקס טעג בלויז דעם נאָמען אלקים, ווייל דאמאָלס האָט מען איהם נאָך ניט גערופען מיט דעם נאָמען „הויה“. אָבער אין דער צייט, ווען משה האָט געשריבען די תורה, האָבען אַלע מענשען געוואוסט פון דעם נאָמען „הויה“ אז ער איז דער אידישער גאָט, ווי משה האָט עס געזאָגט דעם פּרעה פון מצרים. דארום שרייבט ער אונז איצט, ווען ער דערצעהלט, אז גאָט האָט בעשאפען דעם הימעל מיט דער ערד, אז דאָס האָט דער גאָט „הויה“ געטהאָן און ניט פערשיעדענע געטער.

„וכל שיח השדה טרם יהיה בארץ, וכל עשב השדה טרם יצמח. כי לא המטיר הויה אלקים על הארץ ואדם אין לעבד את האדמה“, און קיין בוים־וואקסונג פון פעלד איז נאָך ניט געווען אויף דער ערד און קיין גראָז פון פעלד האָט ניט געוואקסען, ווייל גאָט האָט ניט געמאכט קיין רעגען אויף דער ערד, ביז דער צייט וואָס דער מענש איז ניט געווען צו ארבייטען די ערד.

ווי איך האָב בעשריבען די ערד־בעשאפונג נאָך די ערפינ־דונגען פון איצטיגע געלעהרטע, וועלכע האָבען גענוי אויסגעפאָרשט די ענטוויקלונג פון דער ערד, איז אויסגעפונען געוואָרען, אז איידער דער מענש איז בעשאפען געוואָרען איז פיעלע יאָהרען געווען זעהר גרויסע קעלטען אויף דער ערד. א צייט פון יאָהרען לאנג איז אויף דער ערד געפאלען שנעע. דאָס וואסער האָט אויף זיי געפלאָסען אין די ערד האָט זיך בעדעקט מיט א גראָבען סלאָי אייז פון דריי טויזענד פוס. אלע פלאנצען און געוויקס פון דער ערד האָט דאָס אייז בעדעקט און קיין רעגען האָט ניט געגאָסען, בלויז שנעע איז געפאלען די גאנצע צייט. ווען דער אייז איז צור־שמאָלצען געוואָרען, זיינען בעשאפען געוואָרען אלע איצטיגע חיות און בהמות. נאָך זיי אלעמען איז בעשאפען געוואָרען דער מענש, דער הערשער פון דער גאנצער ערד.

דאָ זעהען מיר דייטליך, אז איצטיגע געלעהרטע האָבען אויך אנערקענט, אז בעפאָר דער מענש איז בעשאפען געוואָרען איז ניט געווען קיין רעגען און קיין פלאנצען אויף דער ערד, דען זי איז געווען בעדעקט מיט אייז.

איך פרעג אָבער: פון וואנען און פון וואָס האָט דער שרייבער

פון אונזער תורה געוואוסט דאָס אַלעס, וואָס די איצטיגע געלערנטע האָבען אויסגעפונען נאָך אַזוי פיעל מיה? ער האָט דען געגראָבען די ערד צו זעהן די קאָרעס פון דער ערד, וועלכע חמרים און וועלכע בעשעפעניששען עס געפינען זיך אין זיי; וועד עס איז פריהער בעשאפען געוואָרען און וועד שפּעטער? ניין! מיר מוזען אנער־קענען, אז דער שרייבער פון דער תורה איז געווען העכער פון א מענש. נאָר ביז איצט האָבען מיר ניט פערשטאַנען די כונה, וואָס ליעגט אין די קורצע פראזען.

דאָס זעלבע זיינען פאראַן נאָך אזעלכע ערקלעהרונגען אין אונזער תורה, ווי די היסטאָריע מיט דער שלאַנג, דער מענש אין גן עדן א. ד. גל., וואָס אונזער דעת איז קורץ צו פערשטעהן זייער ריכטיגען מיין. פיעלייכט וועלען זיך איצט געפינען נאָך קלוגע מענשען, וועלכע וועלען אויסגעפינען די ריכטיגע בעדייטונג פון די איבעריגע פראזען, אויף וועלכע איך האָב ניט געקענט געפינען קיין ריכטיגע ערקלעהרונג, אויסער דער ערקלעהרונג, וועלכע דער לעזער וועט געפינען אין דעם קאפּיטעל „אלע מענשען פון דעם ערשטען ביז דיעזען טאָג ווי איין מענש“.

## .8

## אלע מענשען פון דער ערד איין מענש.

„ויברא אלקים את האדם בצלמו, בצלם אלקים ברא אותו, זכר ונקבה ברא אותם“ — און גאָט האָט בעשאפען דעם מענשען אין זיין געשטאלט, אין גאָט'ס געשטאלט האָט ער איהם בעשאפען, א זכר און א נקבה האָט ער זיי בעשאפען.

ווי וואונדערבאר זיינען די ווערטער פון דעם שרייבער, וואָס האָט געשריבען אונזער תורה! ער שרייבט, אז גאָט האָט בע־שאפען דעם מענשען אין זיין געשטאלט. מיר קענען דאָך אָבער ניט וויסען ריכטיג אין וועמעס געשטאלט, צי אין גאָט'ס אָדער אין דעם מענשען'ס געשטאלט, שרייבט ער דייטליך, אז אין גאָט'ס געשטאלט האָט ער איהם בעשאפען. דאָס הייסט, אז גאָט האָט אויך א פּנים מיט אַן אחור, דאָס זעלבע מוזען מיר זאָגען אז ער האָט א געוויסע מאָס אין דער הויך און אין דער ברייט. און אויף אזא אופן האָט ער א בעשטימטען אָרט, וואו ער איז פאראַן און וואו ער איז ניטאָ. דערנאָך ערקלעהרט ער אונז ריכטיג זיין מיינונג, אז גאָט'ס געשטאלט איז א זכר און א נקבה, דען דער

וואָס פערשטעהט גוט די לאָגיק פון אונזער תנ"ך, ווייס געגוי, אז די לעצטע ווערטער פון א פראזע ערקלעהרען די מיינונג פון דעם אָנפאנג פראזע. דאָס הייסט, אז גאָט איז מאן און יוייב. נאָך מעהר וואונדערליך איז, אז דער זעלבער שרייבער, וועלכער שרייבט דאָ, אז גאָט האָט די געשטאלט פון א מענשען, שרייבט אין סדר כי תשא „כי לא יראני אדם וחי", ד. ה. א לעבעדיגער מענש קען מיך ניט זעהן. און אין דעם סדר ואתחנן שרייבט ער: „כי לא ראיתם כל תמונה", אז גאָט האָט קיין געשטאלט ניט. אזא גרויסער מענש, וואָס שרייבט אזא קלוגע פילאָזאָפישע תורה, זאָל שרייבען אזעלכע ווערטער, וואָס יעדער קינד זאָל איהם קענען אָפּלייקענען? איז דאָס מעגליך? דארום האָבען זיך געפונען פיעלע פּראָפעסאָרען, וועלכע וועלענדיג פערטהיידיגען אונזער נביא משה, זיינען געקומען צום שלום, אז ניט איין משה האָט געשריבען די תורה, נאָר עטליכע מענשען האָבען זי געשריבען און דערנאָך האָט זי עזרא הסופר צוזאמענגעשטעלט, און דערפאר שטימען ניט די ווערטער פון דער תורה אין פיעלע ערטער.

איך פרעג ביי אייך, טהייערע לעזער, איז דען דער שרייבער פון אונזער תורה שולדיג אין דעם, וואָס זיי פערשטעהען ניט זיינע ווערטער. דאָס איז גראדע ווי אַן אונוויסענדער מענש וועט זעהן, אז דער געלערענטער אינזשיניער און ארכיטעקט, וועלכען דער קעניג האָט געהייסען אויפבויען א הויכע און שטארקע פעסטונג, גראָבט טיעף אין דער ערד, און ער וועט לאכען פונ'ם אינזשיניער און זאָגען: „ניט אנדערש אז ער איז משוגע. מ'הייסט איהם בויען אין דער הויך, גראָבט ער גאָר טיעף אין דער ערד".

נאָך מיין פערשטאנד האָב איך זיך ערקונדיגט, אז דער שרייבער פון אונזער תורה דריקט זיך אוים מיט דיזע געצעהלטע ווערטער און ערקלעהרט אונז דייטליך די גאנצע נאטור־וועלט און די גאָטהייט, פון די קלענסטע באצילען און מיקראָבען, וואָס דעם מענשען'ס אויג קען ניט זעהן ווייל זיי זיינען זעהר קליין און דין, ביז דער גאנצער ערד און אלעם וואָס אויף איהר געפינט זיך, און די פּלאנעטען מיט די קאָמעטען און אלע שטערען מיט די זונען, וועלכע פליהען אום אין דעם גאנצען אויר פון הימעל אָהן א צאָהל, וועלכע דעם מענשען'ס אויג קען ניט זעהן, ווייל זיי זיינען זעהר הויך און ווייט פון אונז, מיט אלע גייסטליכע גלגלים, וואָס רינגלען ארום איינע העכער איבער די אנדערע אָהן א ברעג און אָהן א סוף, וואָס אלע צוזאמען רופט ער מיט דעם נאָמען „אלקים", גאָט. נאָר ווען איך זאָל נעהמען ערקלעהרען דייטליך יעדער זאך בעזונדער, דארף איך וועגען דעם שרייבען פיעלע ביכער,

וועלכע איך האָב ניט קיין מעגליכקייט צו דרוקען און קיין מוטה צו שרייבען.

ווי איך פערשטעה, ענטהאלטען אין זיך די עטליכע ווערטער, וואָס משה האָט דאָ געשריבען, די גאנצע פילאָזאָפיע און די גאָט־הייט, וועגען וועלכער אלע פילאָזאָפען אין דער וועלט האָבען גע־טראכט און האָבען ניט ערקלעהרט ביז היינטיגען טאָג. איך וועל דאָס ערקלעהרען אין קורצען, כדי יעדער מענש זאָל דאָס לייכט קענען פערשטעהן, און ניט נאָר די אידען, נאָר אפילו אנדערע פעלקער זאָלען אויך זעהן די חכמה און די פילאָזאָפיע, וואָס גע־פינט זיך אין אונזער תורה. וועלען אלע מענשען פון דער וועלט אנערקענען, אז נאָר דער אידישער גלויבען און אונזער תורה איז ריכטיג און גליקליך איז דער מענש, וועלכער טהוט ווי אין איהר איז געשריבען.

ווען מיר נעהמען גוט בעטראכטען דעם מענשען, זעהען מיר, אז ער בעשטעהט פון צוויי הונדערט מיט אכט און פערציג אברים און דריי הונדערט פינף און זעכציג אָדערען. יעדער אבר האָט זיך זיין ארבייט, וואָס ער מוז טהאָן פאר זיך זעלבסט, און מיט דעם העלפט ער דעם גאנצען קערפער ער זאָל קענען בעקומען אלעס, וואָס ער פערלאנגט צוליעב זיין עקזיסטענץ. די אויגען זעהען, די אויערען הערען, דאָס הארץ טראכט, דאָס מויל רעדט, די צייהנער קייען, דער מאָגען קאָכט, די הענד ארבייטען און די פיס געהען. יעדער אבר טהוט זיין בעשטימטע ארבייט ניט נאָר פאר זיך זעלבסט, נאָר אויך פאר דער גאנצער קערפערליכער עקזיסטענץ. דער הערשער אויף אלע אברים פון דעם מענשליכען קערפער איז דער קאָפּ. אין קאָפּ פעראייניגען זיך די קרעפטען פון אלע אברים. דער קאָפּ צוזאמען מיט'ן הארץ קלעהרען אָפּ וואָס דער גאנצער קערפער פון דעם מענשען פערלאנגט און מאָמענטאל צווינגען זיי אלע אברים פונ'ם קערפער צו טהאָן די שווערסטע ארבייט. אלעס וואָס עס איז נויטיג, איז אז דער קאָפּ זאָל עס געפינען פאר נויטיג פאר דעם גאנצען קערפער. אָפטמאָל זעהען מיר זאָגאר, אז דער מענש בעגעהט זעלבסטמאָרד און אלע אברים פון קערפער ברענגט ער א קרבן אויף דעם מזבח פון פערשטאנד, וואָס דער קאָפּ האָט אָפּגעקלעהרט. יעדער אבר מוז האָבען די הילף פון אלע איבעריגע אברים; אָהן זייער הילף קען ער אליין ניט לעבען. אין יעדען אבר געפינען זיך אָדערען מיט אימפּיזאָרען, דינע און גראָבע, וואָס דורך זיי געהט דורך די לופט און טרייבט די בלוט, צו פעראייניגען און צוזאמענצוהאלטען אלע אברים זיי זאָלען זיין פעראייניגט שטארק אין איין קערפער. דער מענש בעשטעהט פון זכר און

נקבה; אָהן דעם זכר קען ניט זיין קיין נקבה, און אָהן דער נקבה קען ניט זיין קיין זכר.

ווען עס טרעפט, אז איין אבר פון גוף איז פערוואונדעט, פיהלט דער גאנצער קערפּער דעם וועהטאָג. דער מענש ווערט אומעדיג און אַלע אברים פון גוף קענען ניט טהאָן זייער פליכט. אָפטמאָל טרעפט, אז דער וועהטאָג קען אָנמאַכען שאדען דעם גאנצען קערפּער. דארום מוז דער מענש אָנווענדען אלע מיטלען און מעגליכקייטען אויסצוהיילען די וואונד אָדער אָפּשניידען אין גאַנצען דעם אבר, איידער דער וועהטאָג פערשפּרייט זיך אין די איבעריגע אברים פון דעם קערפּער.

ווען דער מענש פיהרט זיך ניט רעגעלמעסיג אין זיינע לעבענס־אויפפיהרונגען — ער גיט זיך אָפּ צופיעל צו איין תאוה, וועט אויך סוף כל סוף דער גאנצער קערפּער, אַלע אברים דורך דעם ליידען און דערפאר טהייער בעצאָהלען. דער מענש האָט א סך מעהר תאוות פון אַלע איבעריגע בעשעפעניששען. אויסער וואָס דער מענש האָט אין זיך אַלע אינסטינקטען פון לעבעדיגע בעשעפענישען, האָט ער נאָך דערצו זיינע אייגענע געפיהלען, ווי הערען מוזיק, זעהן שעהנע בילדער, טהעאטער, א שעהנע לעבעדיגע זאך א. ד. גל. דערצו האָט ער נאָך שכל און דעת אויסצוקלעהרען מיטלען, ווי צו בעפרידיגען זיינע לוסטען און פערלאַנגען. דאָס זעלבע איז אין עסען און טרינקען, פערברענגען די צייט. קיין לעבעדיגעם ווענען האָט ניט קיין פערלאנג צו טרינקען וויין, אַלער־ארט בראנד־וויין, שפּיעלען אין קארדס, אין באַל און נאָך אזעלכע תאוות, וואָס דער מענש טראכט אויס צו פערשאפען זיך פער־גניגען, אז דאָס לעבען זאָל איהם ניט איבערדריסיג ווערען. זאָגאר אין דער געשלעכטליכער תאוה, וואָס אלע לעבעדיגע בע־שעפענישען האָבען, איז אויך דער מענש העכער און אָבגעזונדערט. יעדעם לעבעדיגע וועזען האָט דארויף איהר בעשטימטע צייט. ביי דעם מענשען אָבער איז דארויף קיין בעשטימטע צייט ניטאָ. ווען דער מענש גיט זיך אָפּ צופיעל צו איינער פון זיינע טויזענדער תאוות, ווערט אין איהם פערדאַרבען דאָס בלוט, עס פערפיהרען־זיך אין איהם מיקראָבען, וועלכע ברענגען אויף איהם פערשיעדענע קראנקהייטען ר"ל. וואָס מעהר דער מענש ערפילט זיין תאוה, אלץ מעהר דריקט איהם די תאוה און צווינגט איהם, ער זאָל איהר נאָכגעבען. ער פערליערט זיין לעבען. דארום מוז זיך דער מענש זעהן האלטען רעגעלמעסיג אין אלע זיינע תאוות, אויב ער וויל נאָר לעבען א גליקליך לעבען. דער מענש מוז בעהערשען זיינע תאוות, יוען ער בעהערשט זיך ניט, איז ער ערגער פון יעדער רויב־חיה.

ווען מיר זאָלען זיך נעהמען גוט בעטראַכטען אַ קליין דאָרף אָדער וועלכע ניט איז פערזאַמלונג פון מענשען, וועלען מיר זעהן, אַז אין איהר געפינען זיך אויך אַלע אברים, וועלכע געפינען זיך ביי דעם איינצעלנעם מענש. איינער פון דעם דאָרף ווערט אויס־געקליבען פאַר אַ הערשער, וועלכער רעכענט זיך דער קאָפּ. אונ־טער איהם געפינען זיך מענשען, וועלכע רעכענען זיך זיינע אויגען, אויערען, נאָזלעכער־שמעקער, ראַטהגעבער, וועלכע רעכענען זיך דאָס הארץ, רעדנער, וועלכע זיינען די צונג, אויך גייסטליכע, דענ־קער, הענד, פיס, איינפאַכע פּראָסטע מענשען, וועלכע רעכענען זיך פאַר די אונטערשטע אברים פון מענש. אַלע אברים, וועלכע געפינען זיך ביי דעם איינצעלנעם מענשען, געפינען זיך אין דעם דאָרף. יעדער מענש פון דאָרף ארבייט פאַר זיך זעלבסט און מיט דעם העלפט ער דעם גאַנצען דאָרף מענשען, זיי זאָלען האָבען אַלץ, וואָס זיי פערלאַנגען נאָך זייער בעדערפענעס. דאָס דאָרף בעשטעהט פון זכרים און נקבות.

דאָס דאָרף מיט אַלע זיינע אברים, די איינצעלנע מענשען, וועלכע געפינען זיך אין איהם, זיינען אויך ניט זעלבסטשטענדיג. דאָס דאָרף מיט אַלע זיינע אברים, די איינצעלנע מענשען, זיינען ווי אַן אבר פון אַ גרעסערען דאָרף, וואָס הייסט אין רוסלאַנד „וואָלאָסט“. אין וואָלאָסט געפינט זיך אַ גרעסערער קאָפּ מיט גרעסערע אויגען, ביי וועלכען דער קאָפּ פון דאָרף מיט זיינע אויגען זיינען ניעדריגע אברים, דען אונטער דער וואָלאָסט גע־פינען זיך עטליכע דערפער, אויף וועלכע דער קאָפּ פון וואָלאָסט איז דער הערשער און וועלכע מוזען טהאָן דאָס, וואָס דער קאָפּ פון וואָלאָסט בעפעהלט צוליעב דער עקזיסטענץ פון דער גאַנצער וואָלאָסט.

די וואָלאָסט אָבער איז אויך ניט זעלבסטשטענדיג. זי איז אונטערוואָרפען אונטער דער אויפזיכט פון דעם סטאַנאָוואָי אָדער גאָראָדניטשע, וועלכער איז דער קאָפּ פון שטאָדט און דער הערשער פון עטליכע וואָלאָסטען און פיעלע דערפער. דער גאָ־ראָדניטשע רעכענט זיך ביי זיי דער קאָפּ, וועלכער האָט גרעסערע אויגען מיט גרעסערע הענד און פיס. די קעפּ פון די וואָלאָסטען רעכענען זיך ביי דעם קאָפּ פון דער שטאָדט פאַר ניעדריגע אברים און די קעפּ פון די דערפער פאַר נאָך ניעדריגערע.

די שטאָדט מיט איהרע וואָלאָסטען און דערפער זיינען ווידער אונטערגעוואָרפען אונטער דער גרעסערער שטאָדט, וועלכע הייסט דער אויעזד. דער קאָפּ פון דעם אויעזד האָט אונטער זיך עטליכע

קעפּ פון די קליינע שטעדט, וועלכע רעכענען זיך ווי אויגען ביי דעם קאָפּ פון אויעזד.

דער קאָפּ פון אויעזד איז ווידער אָבהענגיג פון דער גובערניע שטאָדט, וואו עס געפינט זיך דער הערשער פון דער גאנצער גובערניע, דער גובערנאטאָר. ער איז גאָר א גרויסער קאָפּ מיט גאָר גרויסע אויגען מיט אלע איבעריגע אברים. אונטער איהם געפינען זיך די קעפּ פון די אויעזד־שטעדט, ניעדריגער פון זיי געפינען זיך די קעפּ פון די קליינע שטעדט, דערנאָך די קעפּ פון די וואָלאָסטען, און גאָר ניעדריגער פון אלע שטעהען די קעפּ פון די דערפער. יעדער שטאָדט־קאָפּ מיט זיינע אברים, יעדע וואָלאָסט און יעדעם דאָרף ארבייט פאר זיך זעלבסט און מיט דעם העלפען זיי דער עקזיסטענץ פון דעם גובערנאטאָר, וועלכער איז דער קאָפּ פון דער גאנצער גובערניע.

העכער פון דעם גובערנאטאָר איז פאראן א מיניסטער. דער מיניסטער איז דער קאָפּ פון אלע גובערנאטאָרען, וועלכע געפינען זיך אין דעם גאנצען לאנד. דער מיניסטער זיצט אין דער הויפּט־שטאָדט, אין וועלכער עס געפינט זיך דער קעניג, דער קאָפּ פון דעם גאנצען לאנד מיט אלע זיינע שטעדט.

אויף אזא אופן זעהען מיר, אז א גאנץ לאנד מיט אלע מענשען, וועלכע געפינען זיך אין די שטעדט און דערפער, קוקט אויס ווי איין גרויסער מענש, וועלכער בעשטעהט פון אברים, ווי ביי יעדער איינצעלנעם מענשען בעזונדער. דער קאָפּ פון דעם גאנצען לאנד, דער קעניג, מיט זיין הארץ, זיינען די הערשער פון דעם גאנצען לאנד, און די מענשען פון אלע שטעדט און דערפער זיינען זייערע אברים, וועלכע מוזען טהאָן דאָס, וואָס דער קאָפּ בעפעהלט. יעדער אבר פון דעם לאנד, דער איינצעלנער מענש, יעדעם דאָרף און יעדע שטאָדט ארבייט פאר זיך זעלבסט, און צוזאמען מיט אלע איבעריגע אברים העלפט ער און ברענגט נוץ דעם גאנצען קערפּער פון דעם לאנד, אין אלע הינזיכטען.

ווען איין אבר פון לאנד ווערט פערדאָרבען: ד. ה. ער איז א מערדער, א רויבער, א גנב אָדער אזוי א מענש מיט א פער־דאָרבענעם כאראקטער, און ער ברענגט שאָדען צו די איבעריגע אברים פון דעם לאנד, מוז מען זעהן ווי מעגליך אָבצוראמען איהם צוליעב די איבעריגע מענשען, די אברים פון לאנד. דאָס זעלבע איז מיט א גאנצען דאָרף און א גאנצער שטאָדט. ווען דער קאָפּ פון לאנד זעהט, אז זיי קענען ברענגען שאָדען די איבעריגע שטעדט, מוז ער זיי אויסראמען אום צו פערהיטען די איבעריגע שטעדט.

ווען דער קאָפּ פון לאנד, דער קעניג, גיט זיך אָפּ מיט דומ־

הייטען און היט ניט אב ריכטיג די בעדערפעניסען פון זיין לאנד־קערפער, ווערט פערדארבען דאס גאנצע פאלק פון דעם לאנד. עס ווערען צווישען זיי צאנקערייען, איינע האסען די צווייטע, עס קומען פאר רויבערייען און געשלעגען. דאס גאנצע לאנד ווערט קראנק. עס טרעפט, אז דער לאנד־קערפער שטארבט אפ איבער דעם, וואס דער קאפ פון דעם לאנד, דער קעניג, פיהרט זיך ניט ריכטיג מיט זיין קערפער.ביי דעם קעניג פון דעם לאנד מוזען זיין אלע מענשען גלייך אהן קיין אונטערשיעד, דען זיי זיינען אלע זיינע אברים. אלע מענשען פון דעם לאנד מוזען לעבען צווישען זיך בשלום. דאן וועלען זיי אלע זיין גליקליך. דאס זעלבע מוזען זעהן אלע מענשען, וועלכע רעכענען זיך פאר קעפ, סיי דער קאפ פון שטאדט, סיי דער קאפ פון דארף, אדער דער קאפ פון יעדער געזעלשאפטליכער גרופע, וועלכע האבען פאר זיך זייער צוועק, צו וועלכען זיי קלייבען זיך אוים צוליעב זייער עקזיסטענץ, — אז אלע אברים פון יעדען קאפ זאלען זיין שלום צווישען זיך. נאר מעהר פון אלע קעפ מוז זעהן דער קעניג, וועלכער איז דער קאפ פון אלע קעפ, אז די מענשען פון זיין לאנד זאלען ניט טהאן קיין בייז איינער דעם צווייטען. דאמאלס וועט ער זיין זיכער, אז אלע וועלען איהם ליעבען מעהר פון זיך זעלבסט. דער לאנד־קערפער וועט זיין געזונד און איהם וועט גאר :ישט פעהלען, ווי מיר זעהען דאס אליין מיט אונזערע אויגען, אז דאס לאנד, וואו דער קעניג גיט זיינע אלע אונטערטהאנען גלייכע ריכטע, לעבען אלע גליקליך און ארימע לייט זיינען דארטען זעהר וועניג, אבער דאס לאנד, וואו דער קעניג מאכט אן אונטערשיעד צווישען זיינע אברים, די אונטערטהאנען, און בעגרענעצט זיי מיט בעזונדערע רעכט, געפינען זיך דארטען פיעלע ארימע לייט און דער גאנצער קערפער פון לאנד איז קראנק און שוואך.

ווען מיר וועלען זיך נעהמען גוט בעטראכטען יעדע וויסענשאפט, יעדע קונסט און יעדע ארבייט, וועלען מיר בעמערקען, אז יעדערע פון זיי בעשטעהט אויך פון די זעלבע אברים, וועלכע געפינען זיך ביי אן איינצעלנעם מענשען. דארום מוזען זיין פערשיעדענע דאקטוירים, מעדיציענישען, פערשיעדענע שרייבער, פערשיעדענע רעדנער, פערשיעדענע סקולפטורען א. ז. וו., כאטש זיי אלע צוזאמען רעכענען זיך ביי דעם גאנצען פאלק ווי איין אבר ביי דעם מענש, דאך רעכענען זיך די אלע מענשען פון דער זעלבער וויסענשאפט אדער קונסט ביי זיך זעלבסט ווי א קערפער מיט אלע אברים פון דעם איינצעלנעם מענשען. דער שרייבער דער קאפ. איך מיין ניט דער קאפ פון אלע שרייבער, דען דער קאפ בעשטעהט

ווידער ווי אן איינציגער מענש, מוז דאך די קאפ אויך האבען אונטערשטע אברים. איך מיין נאר דעם שרייבער, וועלכער איז אן אבר פון די קאפ־שרייבער, שרייבט אימער וועגען געטליכע און פילאזאפישע ענינים. דאס זעלבע רעדט דער רעדנער, דער קאפ אויך נאר וועגען גייסטיגע און געטליכע ענינים. דער שריי־בער און דער רעדנער די הארץ שרייבט און רעדט הערצליכע גע־דאנקען. יעדער שרייבער און רעדנער שרייבט און רעדט וועגען די פראגען און וויסענשאפטען, נאך דעם געפיהל פון דעם אבר, וואס ער רעכענט זיך ביי זעם קערפער פון זיין וויסענשאפט. די רעדנער און שרייבער, וועלכע רעכענען זיך אלס די ניעדריגע אברים פון זייער וויסענשאפט, ריידען און שרייבען וועגען ניעד־ריגע אינטערעסען פון דעם פאלק'ס בעדערפניש.*) אין יעדען לאנד איז פאראן אזוי פיעל צייטונגען. יעדער צייטונג האט איהר צוועק מיט איהר ציעל. דאך קענען מיר בעמערקען יעדען שרייבער, וואס פאר אן אבר ער רעכענט זיך אין זיין וויסענשאפט.

אז אך און וועה איז אבער ווען די רעדנער אדער שרייבער פון די ניעדריגע אברים פון פאלקס־קערפער הויבען אן צו פילא־זאפירען און זאגען א דעה וועגען דער גאטהייט. און פיעל מאל טרעפט, אז דער אבר פון דעם ניעדריגען עלעמענט פון פאלק'ס אבר אין זיין ארט האט מעהר צונג צו ריידען אדער מעהר טאלאנט אין שרייבען איידער דער פאלקס־אבר, וועלכער איז פון קאפ. דען קאפ־מענשען בעשטעהען דאך אויך אלע צוזאמען ווי א קער־פער פון איין מענש, מוז דאך זיין צווישען די קאפ־מענשען זעלבסט אזעלכע, וואס זיינען ניט פון צונג אדער פון הארץ, נאר פון די אונטערשטע אברים פון קאפ, וועלכע קענען ניט ריידען און ניט שרייבען. דאגעגען זיינען דאך די מענשען פון דעם אונטערשטען אבר פון פאלק'ס קערפער אלע צוזאמען אויך פאר זיך זעלבסט ווי איין מענש. אויף אזא אופן מוזען דאך זיין ביי די ניעדריגע אברים אזעלכע מענשען, וועלכע רעכענען זיך פאר צינגער אדער הערצער, וועלכע האבען אין זיך מעהר טאלאנט צו ריידען און שרייבען, אבער דאך זיינען די ניעדריגע אברים פון קאפ מעהר דענקער איידער דער צונג אדער די הארץ פון דעם ניעדריגען אבר, נאר ריידען קען יענער אונטערשטער אבר מעהר, ווייל ער רעכענט זיך דער צונג פון זיין אבר. דער פערשטאנד פון דעם מענשען מיט זיין שכל געפינען זיך דאך נאר אין מארך, אין דעם מח פון קאפ, וועלכער פערנעהמט זעהר א קליינעם טהייל אין דעם מענשליכען קערפער. איז דאך לייכט צו פערשטעהן, אז די ריכ־טיגע פערשטענדיגע מענשען, וועלכע האבען מעהר געפיהל אין

גאָטהייט, זיינען אויך זעהר ווייניג. דער גאַנצער פּאָלקס-קערפּער בעשטעהט דאָך איבערהויפּט פון די ניעדריגע קערפּערליכע עלע-מענטען, איז דאָך די ניעדריגע אברים לייכטער צו פערשטעהן און צו פערנעהמען די ערקלעהרונג פון זייער צונג, איידער די אויפ-קלעהרונג און געדאַנקען פון דעם קאָפּ'ס אבר. אָבער וואָס פּאַר א גאָטהייט, וואָס פּאַר א פילאָזאָפיע קענען אונז געבען די צינגער אָדער זאָגאַר די קעפּ פון די אונטערשטע אברים, וועלכע האָבען בלויז א געפיהל אין זייערע אינטערעסען? אָבער יעדער מענש האָט דאָך א קאָפּ מיט א צונג, יעדער מענש האָט דאָס רעכט צו זאָגען זיין מיינונג וועגען דער גאָטהייט, יעדער קען זאָגען, אז ער איז דער צונג אָדער די הארץ פון קאָפּ, און ווער קען אָפּלייקענען זיינע ווערטער. דאָך מעהר ניט ווי דער צונג פון דעם ריכטיגען קאָפּ. קענען דאָך די ניעדריגע אברים פון פאָלקס-קערפּער ניט פערשטעהן זיין ערקלעהרונג, ווייל דאָס איז העכער פון זייער פערשטאַנד, און ניט אלע מענשען לעזען דאָך די ווערטער וואָס דער קאָפּ שרייבט, דען זיי זיינען דאָך זעהר ווייניג אין דער וועלט, און ניט אלע קאָפּ-מענשען גיבען זיך אָפּ צו שרייבען וועגען דער גאָטהייט. עס טרעפט איין מענש אין א גאַנצער עפּאָכע, וועלכער זאָל זיך אָפּגעבען צו שרייבען וועגען אזעלכע גרויסע ענינים. דארום בלאָנדזשען די מענשען און זיינען פּאַראירט אין די גאָט-הייט, דען זיי קענען דאָס ניט פערשטעהן. דארום איז קיין וואונ-דער ניט, אז די איינפאכע, פּראָסטע מענשען, וועלכע זיינען דער הויפּט פון דער מענשהייט, גלייבען בלויז צו לעזען ראָמאַנען אָבער ניט וויסענשאפטליכע ביכער.

שרייבענדיג דיעזען בוך האָט מיר געבראכט א געלערענטער מאַן דעם „ספר יצירה" מיט א פּירוש פון דעם פילאָזאָף ר' שבתי בן אברהם-דונולו הרופא, וועלכער איז געבאָרען אין יאָהר ד' אלפים תרע"ג אין דער שטאָדט אורם אין איטאַליען. דער פילאָזאָף האָט אויך געשריבען אַן ערקלעהרונג אויף די ווערטער „נעשה אדם בצלמנו", אָבער ניט אין דעם זעלבען מיינונג, וואָס איך שרייב. דערפון האָב איך זיך ערקונדיגט, אז איין מאָל אין טויזענד יאָהר טרעפט א מענש, וועלכער זאָל זיך אָפּגעבען צו קלעהרען וועגען דיעזע ווערטער.

מיר האָבען ערקלעהרט, אז א גאַנצע לאַנד בעשטעהט ווי איין גרויסער מענש, וועלכער איז צוזאַמענגעשטעלט פון פיעלע פּאָלקס-קערפּערס, איינער העכער איבער דעם צווייטען, ביז דעם קעניג פון דעם לאַנד, וועלכער רעכענט זיך די קאָפּ פון אלע קעפּ. מיר קענען אָבער ניט זאָגען, אז דער קעניג איז ווירקליך דער קאָפּ

פון אלע קעפּ. ער געפינט זיך מעהר ניט ווי א קאָפּ אין מאכט, אָבער ניט אין דער ווירקליכקייט. דען אין דעם קעניג פעראייניגען זיך דאָך ניט אלע חכמות מיט די קונסטען פון די אלע וויסענ־שאפטליכע טהיילען פון זיין לאנד, וועלכע רעכענען זיך ביי איהם ווי אברים פון דעם איינצעלנעם מענשען'ס קאָפּ. ער שטעהט ניעדריגער אין מעדיצין פון דעם קלענסטען דאָקטאָר, אין אסטראָ־נאָמיע פון דעם מיזערנעם אסטראָנאָם. דאָס זעלבע שטעהען אלע וויסענשאפטליכע מענשען פיעל העכער פון דעם קעניג דעם קאָפּ. ער האָט בלויז די מאכט אין זיך צו מאכען זיינע אברים די מענשען פון זיין לאנד פאר געלערענטע מענשען, און ווען ער וויל מאכט ער זיי אלעמען פאר אונוויסענדע פינסטערלינגע. ווען דער קעניג איז קלוג און געלערענט, פערשטעהט ער, אז וואָס מעהר זיין פאָלק איז געבילדעט, אלץ מעהר געפינט ער זיך שטאַרקער. ער גרינדעט בילדונגס־שולען און צווינגט אלע זיינע אונטערטהאנען, זיי זאָלען זיך לערנען אָהן וועלכער ניט איז אויסנאהמע. דען יעדער מענש רעכענט דאָך זיך זיין אבר, וועלכער ברענגט איהם נוץ און פיעלייכט געפינען זיך צווישען די פעראכטעטע קעפּ מענשען און ברענגען דעם גרעסטען נוץ. דאַרום מוזען זיין אלע געלערנטע. ווען דער קעניג איז אָבער א דום־קאָפּ, אן אונוויסענ־דער פינסטערלינג, לאָזט ער ניט זיין פאָלק זיין געלערענט. די הארץ זיינע, די מיניסטאָרען לאָזען איהם ניט צו אויסבילדען זיין קערפּער, די מענשען פון זיין לאנד. דאן איז דאָס גאנצע לאנד אונגליקליך. דער קעניג בעגעהט דערמיט זעלבסטמאָרד און אלע זיינע אברים ברענגט ער א קרבן אויף דעם מזבח פון זיין דומער, אונוויסענדער קאָפּ; אלע האסען איהם און גערען זיין טויט.

ווען מיר וועלען זיך גוט צוקוקען צו די געפיהלען מיט די כאראקטערס און אמביציאָנען פון אלע לענדער מיט די פעלקער, וועלכע געפינען זיך אויף דעם גאנצען ערד־קוגעל, וועלען מיר זעהן, אז אלע פעלקער צוזאמען ווייזען אויך אוים ווי איין גרויסער מענש. יעדער פאָלק איז אן אבר פון אלע איבעריגע פעלקער. יעדער פאָלק האָט אין זיך אזעלכע געפיהלען און פעהיגקייטען, וועלכע זיינען ביי די איבעריגע ניטאָ. ווען איך זעלבסט קען ניט בעשטימען ריכטיג וועלכע פאָלק רעכענט זיך די קאָפּ און וועלכע זיינען די אונטערשטע אברים, דאָך קען יעדער מענש בעמערקען דעם אונטערשיעד פון איין פאָלק ביז דעם צווייטען. נאָך דעם געזאנג און די מוזיק פון יעדער פאָלק איז לייכט צו פער־שטעהן דעם אונטערשיעד פון די פעלקער. נאָך מיין מיינונג זיינען די אידען געדעכענט די הארץ פון אלע פעלקער. דארום

ליידען זיי מעהר פון אלע פעלקער. דען די הארץ פיהלט יעדען וועהטאג, וואס טרעפט זיך אין דעם מענשליכען קערפער מעהר פון אלע איבעריגע אברים. אין דעם געזונדען לאנד, אין וועלכען די מענשען זיינען ציוויליזירט און לעבען צווישען זיך פריינדליך, וואו איינער דריקט ניט דעם צווייטען, לעבען די אידען אויך רוהיג און פיהלען ניט קיין שמערצען. אבער אין א קראנקען לאנד, אין וועלכען איינער בערויבט דעם צווייטען און זיינען אונוויסענד, ליידען נעבעך די אידען מעהר צרות פון אלעמען. דאס זעלבע זעהען מיר אין יעדער שטאדט, אין יעדער פערזאמלונג, אין יעדער קאמפאניע. זאגאר צווישען איינצעלנע מענשען זעהען מיר אויך, אז די מענשען, וועלכע רעכענען זיך פאר דער הארץ, ליידען מעהר פון אלעמען, ווייל זיי קענען ניט ריידען, אבער דעם וועהטאג פיהלען זיי מעהר פון אלעמען. דער מענש, וועלכער האט נאר א שטיקעל צונג, בלייבט אלע מאל גערעכט און פיהלט ניט קיינע שמערצען.

אויף אזא אופן בעשטעהט דער מין מענש פון א פולע קעפ, וועלכע געהען מדרגות-ווייז איינע העכער פון דער צווייטער און זיינען אפגעזונדערט אין דער וויסענשאפט נאך די אומשטענדען פון דעם אבר, ביי וועלכען זיי געפינען זיך די קאפ. דארום קען געמאהלט זיין, אז דער מענש, וועלכער רעכענט זיך די קאפ פון גאר דעם קלענסטען און ניעדריגסטען אבר פון דעם פאלק'ס קערפער קען אין זיין ארט אויפקלעהרען אזא וויסענשאפטליכע זאך, וואס די קאפ פון אלע קעפ קען אין דעם קיין בעגריף ניט האבען ביז ווען ער זעהט דאס פאלקאם מיט זיינע אויגען, ווייל די קאפ פון דעם העכערען אבר פון פאלקס-קערפער איז דאך בלויז א קאפ ביי די וויסענשאפט פון זיין אבר, אבער ניט אין דער וויסענשאפט פון אן אנדער אבר, סיי פון דעם אבר וואס שטעהט העכער פון איהם און סיי פון דעם אבר וואס שטעהט ניעדריגער פון איהם. בלויז אין די וויסענשאפטען פון דעם ניעדריגען אבר קען ער האבען א בעגריף מיט א געפיהל, אבער אין די וויסענשאפט פון די העכערע אברים קען ער גאר קיין בעגריף ניט האבען, ווייל דאס איז העכער פון זיין פערשטאנד. דער דאקטאר קען האבען א געפיהל אין מוזיק, אבער דער מוזיקער קען ניט האבען קיין געפיהל אין מעדיצין. זיי ביידע קענען ניט האבען קיין געפיהל אין אסטראנאמיע. דאס זעלבע איז אין אלע וויסענשאפטען און אלע קונסטען זיינען די מענשען אפגעטהיילט איינע פון די אנדערע, כאטש זיי זיינען פון איין אבר, ווייל עס קען זיין, אז איינער שטעהט א ביסעל העכער אין דעם אבר און דער צווייטער ניעדריגער,

אויסער די איבעריגע אינסטינקטיווע געפיהלען וואָס געפינען זיך אין יעדער מענש: ווי אומעט און פרייד, גוט און שלעכט, כעס און געדולד, וועלכע געפינען זיך אויך ווי מדרגות ביי די מענשען, וועלכע יעדער אינסטינקט בעזונדער בעשטעהט אויך ווי איין גאַנ־צער מענש. די זיינען מעהר פרעהליך און די אומעדיג; די זיינען גוטע און די שלעכטע, אָבער ניט אַלע מאָל איז דער שלעכטער שלעכט, עס טרעפט אז ער איז גוט אויך. דען אויב ער איז שלעכט צו איינעם, איז דאָס גוט דעם צווייטען. און ניט שטענדיג איז דער אומעדיגער אומעדיג, עס גיבט צייטען ווען ער איז פרעהליך. דאָס זעלבע איז מיט די מעטאַלען און מיט די איבעריגע חמרים, וועלכע געפינען זיך אין דעם קערפּער פון'ם מענשען: ווי צוקער, זאַלץ, פאָספאָר, פּאָטאַש און נאָך אזעלכע חמרים. זיי זיינען אויך פערשיעדען איינע פון די אנדערע. יעדער חמר געפינט זיך ביי איין מענשען מעהר און ביי דעם צווייטען וועניגער. דארום מוזען זיין אזעלכע זאכען, וואָס איינעם איז שעהן און דעם צווייטען מיאוס, דעם איז דאָס גוט און יענעם שלעכט. און אזוי זיינען אלע מענשען צוזאמען איין גרויסער מענש.

9.

## אלע חיות, פויגלען און פישען איין מענש. דער מענש איז זייער קאָפּ.

מיר האָבען זיך ערקונדיגט ביז איצט, אז אלע מענשען פון דער ערד רעכענען זיך צוזאמען איין גרויסער מענש. איצט וועלען מיר נעהמען בעטראכטען די חיות מיט די פויגלען און די פישען.

### די פיער־פיסיגע.

מיר זעהען מיט אונזערע אויגען, אז די פיער־פיסיגע חיות זיינען צוטהיילט אין פיעל מינים. די אלע מינים בעשטעהען פון צוויי קלאסען: ווילדע און הויזליכע. אין וואלד זיינען פאראן וועלף, בערען, טיגערס, לייבען און נאָך אזעלכע חיות, וועלכע עסען נאָר פלייש און לויגען שטענדיג אויף די הויזליכע חיות צו צורייסען זיי, דען בלויז מיט די פלייש פון די שטילע הויזליכע חיות האלטען זיי אויף זייער לעבען.*) אויך געפינען זיך אין וואלד שטילע

*) ווען זיי זאָלען עסען פרוכט, וועלען זיי באלד שטאַרבען. זייער מאָגען קען ניט פערדייהען קיין אַנדער עסען ווי פלייש. אזוי

בעשעפעניששען, וועלכע ערנעהרען זיך מיט פלאנצען, ווי האזען, רעבערס, קראליקעס און נאך אזעלכע. עס גיבען אזעלכע חיות ווי פוקסען, וועלכע עסען אי פלנצען אי פלייש.

צווישען די הויזליכע חיות געפינען זיך: שעפעלעך, רינדער, פערד, עזלען, קעמלען, חזרים, קעץ און הינד, וועלכע היטען די הויזליכע חיות פון די רויבענדע וואלד־חיות, זיי זאלען זיי ניט צורייסען. יעדער קלאס, סיי די וואלדליכע סיי די הויזליכע חיות, זיינען ווידער צוטהיילט אויף צוויי קלאסען, אויף רויבענדע, וועלכע ערנעהרען זיך בלויז מיט פלייש, און אויף שטילע, וועלכע שפייזען זיך מיט פלאנצען. די קלאסען זיינען ווידער צוטהיילט אויף מינים. יעדער מין האט א בעזונדער געשטאלט מיט א בעזונדער אינסטינקט, וועלכען גאט האט איהר געגעבען מיט וואס צו פער־טהיידיגען זיך צוליעב איהר עקזיסטענץ. צום ביישפיעל, דעם קעמעל, וואס געפינט זיך שטענדיג אין דער מדבר, וואו עס איז זעלטען צו געפינען וואסער צו טרינקען, האט גאט געגעבען א בעזונדער מאגען, אין וועלכען ער האט זאפאסנע וואסער, ער זאל ניט שטארבען פון דורשט, ווען ער געפינט זיך אין מדבר אהן וואסער. דאס זעלבע האט יעדע פיער־פיסיגע בעשעפעניש איהר בעזונדערע אייגענשאפט, מיט וואס עס אונטערשיידעט זיך פון די איבעריגע בעשעפענישען.

די מינים זעלבסט זיינען אויך צוטהיילט אויף ארטען. דער מין פערד, למשל, האט פיעלע ארטען פערד, אפגעטהיילט איינע פון די אנדערע ניט נאר לויט די קלימאטען פון דער ערד, ווי ענגלישע, רוסישע, אראבישע א. ז. וו., נאר אפילו אין דעם זעלבען לאנד, אין דעם זעלבען קלימאט זיינען אויך דא פיעל ארטען פערד. דאס זעלבע זיינען עזלען, קעמלען, הינד, קעץ, חזירים און אלע מינים פיער־פיסיגע בעשעפענישען צוטהיילט אויף בעזונדערע ארטען, וועלכע געהען מדרגות־וויז איינע העכער פון דער צווייטער, און קומען אויס ביי זיך זעלבסט ווי איין גרויסע פיער־פיסיגע

האט זיי גאט בעשאפען; זיי קענען אנדערש ניט לעבען. מיר מענשען טויטען די רויבענדע חיות ניט דערפאר וואס זיי זיינען רויבער, נאר דערפאר ווייל מיר אליין ווילען עסען די שעפעלע אדער די קוה; מיר אליין ווילען רייטען אויפ'ן פערד און עזעל. דער מענש האלט מלחמה מיט דער רויבענדער חיה פאר זעלבסטהערשאפט, אבער ניט דערפאר ווייל זיי זיינען רויבער, אדער ווייל ער האט רחמנות אויף דער שטילער בעשעפעניש. דער מענש איז א גרעסערער מערדער פון אלע רויבענדע חיות.

חיה פון דעם זעלבען מין, און יעדע אַרט געפינט זיך ווי אַן אבר פון איהר מין בעשעפעניש. פון אלע מינים הינד ווערט איין גרויסער הונד; פון אלע מינים פערד ווערט איין גרויסער פערד. דאָסגלייכען איז יעדער מין אַן אבר ביי איהר קלאַס, און דער גאַנצער קלאַס מיט די מינים און אַרטען בעשטעהט וויעדער ווי איין גרויסע בעשעפעניש. יעדער אַרט הינד האָט זיינע אינ־סטינקטען, ווי יאַגד־הינד, שמעקענדע הינד, וואָס העלפען אויס־געפינען מערדער און רויבער, הינד וואָס רעטען מענשען פון פייער און פון וואַסער; אויף די הויכע בערג, וואָס זיינען שטענדיג בעדעקט מיט שנעע, רעטען זיי פיעלע מענשען פון טויט; דאַן זיינען דאָ געוועהנליכע גאַסען־הינד און נאָך פיעלע אַרטען הינד. יעדער הונד האָט זיך זיין אייגענשאַפט, מיט וואָס ער איז אָפּגע־טהיילט פון אלע איבעריגע אַרטען הינד, און אלע צוזאַמען זיינען איין גרויסער הונד, וועלכע בעשטעהט פון פיעלע אברים, נאָך זייערע מדרגות, און יעדער אבר האָט זיין אַרבייט און זיין אינ־סטינקט. דאָך זיינען זיי אלע הינד, וועלכע האָבען אין זיך די אייגענשאַפט צו קענען שמעקען דעם גערוך פון יעדער זאַך, זאָגאַר די טריט פון דעם מענשען. מיט אָט דעם געפיהל זיינען זיי אָפּ־געזונדערט פון אלע איבעריגע פיער־פיסיגע בעשעפענישען.

דאָס זעלבע איז מיט די שעפּעלעך, בהמות, קעץ א. ז. וו. יעדער מין בעשטעהט פון פיעלע אַרטען. יעדער קלאַס בעשטעהט פון פיעלע מינים, וועלכע האָבען בעזונדערע געשטאַלטען און בע־זונדערע געפיהלען און אינסטינקטען. אלע צוזאַמען שטעלען מיט זיך פאָר איין גרויסע חיה, וואָס בעשטעהט פון פיעלע קעפּ, איינע העכער פון דער צווייטער, ביז דער אָבעזיאַנא (די מאָנקי), וועלכע איז דער העכסטער קאָפּ פון אלע פיער־פיסיגע בעשעפענישען און קומט אויס דער פערמיטלער פון דעם מין פיער־פיסיגע חיות און דעם מענשען, וועלכער געהט אויף צוויי פיס. די אָבעזיאַנא האָט מעהר פערשטאַנד פון אלע חיות און איז עהנליך צום מענש, ווי אין געשטאַלט אזוי אויך אין פערשטאַנד. דער גאָרילאָ און דער אוראַנג־אוטאַנג קענען געהן ווי דער מענש אויף צוויי פיס. דער, וואָס האָט זיך צוגעקוקט גוט צו די נעגערען, האָט געווים בעמערקט צווישען זיי אזעלכע נעגערען, וועלכע זיינען עהנליך אין געשטאַלט צום אוראַנג־אוטאַנג אָדער צום גאָרילאָ. נאַטירליך, האָט דער ניעדריגסטער טיפּ מענש אין זיך אזוי פיעל שכל און פערשטאַנד, וואָס די קליגסטע אָבעזיאַנע קען קיינמאָל ניט האָבען.

מיר וויסען, אז עס זיינען דאָ צוויי קלאַסען פיער־פיסיגע בעשעפענישען: וואַלדליכע און הויזליכע. דיעזע צוויי קלאַסען

געהען אויך מדרגות־ווייז מיט זייערע געפיהלען און אינסטינקטען. ביי זיי געפינען מיר אויך אזעלכע בעשעפעניש ען, וועלכע זיינען דער צווישענשייד פון די הויזליכע ביז די ווילדליכע. די הינד און די קעץ עסען פלייש, כאָטש זיי זיינען הויזליכע. זיי רעכענען זיך אלס דער צווישענשייד צווישען די הויזליכע ביז די ווילדליכע, רויבענדע חיות. די רעבערס און די פוקסען, זייצעס און קראָ־ליקעס עסען פרוכט, כאָטש זיי זיינען ווילדליכע. זיי זיינען עס דער צווישענשייד פון די שטילע ווילדליכע ביז די הויזליכע. אויסער דעם, וואָס זיי זיינען צוטהיילט אויף צוויי קלאסען און מינים מיט ארטען, זיינען זיי אויך צוטהיילט נאָך די קלימאטען פון דער ערד. יעדער קלימאט האָט אין זיך בעשטימטע בעשעפענישען. די לייבען, טיגערס, לעאָפּארדען, העלפאנדען קענען לעבען נאָר אין א הייסען קלימאט. ווען מיר זאָלען זיי ברענגען אין א קאלטען קלימאט, וועלען זיי אויסשטארבען. דאָס זעלבע זיינען פאראן אזעלכע בעשעפענישען, ווי די ווייסע בערען, סאָבעלס, סיבירער קעץ און הירשען, וועלכע קענען לעבען בלויז אין א קאלטען קלימאט. ווען מיר זאָלען זיי ברענגען אין א הייסען קלימאט, וועלען זיי שטארבען. דאָס זעלבע געפינען זיך אזעלכע, וואָס קענען לעבען בלויז אין א מיטעלען קלימאט. עס זיי־ען אויך דאָ אזעלכע פיער־פיסיגע בעשעפענישען, וועלכע קענען לעבען אין אלע קלימאטען פון דער ערד, ווי שאָף, רינדער, פערד, קעץ, הינד א. ז. וו. דאָך זיינען זיי פערשיעדען אין פערשיעדענע קלי־מאטען, — אין געשטאלט, אין אינסטינקט, אין געשמאק פון זייער פלייש א. ז. וו.

די הינד אָדער אנדערע פיער־פיסיגע בעשעפענישען פון דעם זעלבען מין און פון דעם זעלבען אָרט זיינען אויך אָפּגעטהיילט איינס פון דאָס אנדרע מיט זייערע זיטען און כאראקטערס, נאָך די עלעמענטען און די חמרים פון זייערע קערפּערס. עס זיינען דאָ הינד, וועלכע פאלען אָן אויף יעדען פארבייגעהער און גרייפען איהם אָן ביי דער ערשטער געלעגענהייט, און פאראן הינד שטילע, וואָס ריהרען קיינעם ניט. זיי געהען מדרגות־ווייז. פונקט אזוי זיינען אלע פיער־פיסיגע בעשעפענישען, סיי די רויבענדע, סיי די שטילע, צוטהיילט און אָפּגעזונדערט מיט זייערע כאראקטערס, כאָטש זיי זיינען פון דעם זעלבען אָרט.

אויף אזא אופן מוזען מיר אנערקענען, אז די מענשען פון דער ערד זיינען אויך צוטהיילט אויף צוויי קלאסען רויבענדע און שטילע, און יעדער קלאס בעשטעהט פון פיעלע מינים מיט ארטען, לויט די קלימאטען פון דער ערד. יעדער קלימאט האָט אין זיך

רויבענדע מענשען און שטילע מענשען, וועלכע געהען מדרגות־ווייז ווי די פיער־פיסיגע בעשעפעגישען. עס מוזען זיין אזעלכע מענ־שען ווי לייבען, טיגערס, בערען און וועלף, וועלכע לוגען שטענדיג צו עסען די שטילע און עהרליכע מענשען. זיי מעגען זיך זיין געבילדעטע ביז דעם העכסטען גראד, דאָך האָבען זיי דעם כאראק־טער צו פרעסען די ניעדערגעשלאָגענע, שוואכע מענשען. גיט אומזיסט האָבען אונזערע חכמים געזאָגט, אז בלויז דעם מענש קען מען אָנרופען „העלד", וועלכער קען בעהערשען זיך זעלבסט. עס זיינען דאָ גרויסע פּראָפעסאָרען, הויך־געבילדעטע מענשען מיט פערדאָרבענע רויבענדע כאראקטערען, דען זיי זיינען גיט מעהר ווי רויבענדע חיות אין דעם מין מענש. עס גיבען מענשען ווי הינד און חזירים. אזעלכע זיינען דאָ א סך אין אלע קלימאטען. דאָס זעלבע זיינען פאראן מענשען פערד, עזלען, רינדער, שעפּעלעך א. ז. וו. אלע מינים און ארטען, וועלכע זיינען פאראן אין די פיער־פיסיגע בעשעפענישען, געפינען זיך אין דעם מענשען אויך.

נאָך מיין מיינונג, זיינען די אידען גערעכענט אין דעם מין מענש, ווי שעפּעלעך אָדער רינדער צווישען די פיער־פיסיגע בעש־עפענישען. דארום שטרעבען אלע רויבענדע מענשען פון אלע איבעריגע פעלקער, וועלכע האָבען די נאטור און דעם געפיהל פון רויב־חיות, אויפצועסען די אידען און פערפאָלגען זיי מיט אלע מעגליכקייטען. נאָך ווען די נאטור און דער כאראקטער פון די קעניגע און הערשער פון די פעלקער זיינען פון עהרליכע, שטילע בעשעפענישען, דערלאָזען זיי ניט די רויב־מענשען אָנצופאלען אויף די אידען. אָבער ווען דער קעניג זעלבסט האָט די נאטור פון א רויב־חיה, דאן זיינען נעבעך די אידען אונגליקליך.

ווען מיר זאָלען צוזאמענשטעלען די אינסטינקטען און די געפיהלען פון אלע פיער־פיסיגע חיות, וועלען מיר זעהן, אז זיי אלע צוזאמען זיינען ווי איין מענש. וואָרים דער ניעדריגסטער און נארישסטער מענש האָט אין זיך די געפיהלען און די אינסטינקטען פון אלע קלאסען חיות צוזאמען. אויף אזא אופן מוזען מיר אנערקענען, אז אלע מענשען צוזאמען רעכענען זיך דער קאָפּ, און די פיער־פיסיגע זיינען זייערע אברים.

די קליגסטע און פערשטענדיגסטע פיער־פיסיגע בעשעפעניש האָט ניט קיין בעגריעף פון דער קלוגשאפט און דעם פערשטאנד פון דעם ניעדריגסטען, אונוויסענדסטען מענשען. ווען די קליגסטע בעשעפעניש וועט זעהן, אז דער פּראָסטער, אומוויסענדער מענש גראָבט די ערד צו מאכען א פונדאמענט פון א הויז, וועט עס ניט פערשטעהן צוליעב וואָס ער גראָבט די ערד. און ווער רעדט נאָך

ווען דער בויער אקערט די ערד צו זעען תבואה א. ז. וו. דער מענש, רעכענענדיג זיך אלס דער קאָפּ פון אלע חיות, האָט די נאטור אין עסען אויך ווי אלע לעבעדיגע בעשעפּענישען צוזאמען. ער עסט פלייש ווי רויבענדע חיות, און עסט פלאנצען ווי שטילע חיות. אלע בעשעפּענישען עסען שפּייז גלייך פון דער נאטור, און נאָר דער מענש־אליין מוז אריינטהאָן זאלץ און קאָכען א. ז. וו.

## די פויגלען.

דאָס זעלבע זיינען די פויגלען אויך צוטהיילט אויף קלאסען, וואלדליכע און הויזליכע, רויבענדע און שטילע. צווישען די פויג־לען איז דאָ נאָך א קלאס, וועלכע הייסען נאכט־פויגלען, ווייל בייטאָג זעהען זיי ניט, ווי די פילין און סאָווע. זיי געפינען זיך זומער אין די אייראָפּעאישע וועלדער. זייערע קולות זיינען עהנליך צו דעם געוויין פון קליינע קינדער. עס זיינען פאראן הויזליכע פויגלען, ווי היהנער, גענז, ענטלעך, אינדיקעס און נאָך אזעלכע הויזליכע פויגלען, וועלכע ערנעהרען זיך בלויז מיט פלאנצען, ווי די הויזליכע פיער־פיסיגע בעשעפּעניש. און עס זיינען דאָ הויזליכע רויב־פויגלען, ווי די וואראָנע (די קראָע), די האלקע און נאָך אזעלכע וואָס עסען פלייש און ברויט, ווי די הינד און קעץ. זיי רעכענען זיך אלס דער צווישענשייד פון די הויזליכע רויבענדע פויגלען ביז די וואלדליכע.

יעדער קלאס פויגלעך איז אויך צוטהיילט אויף מינים און די מינים אויף ארטען. מיר זעהען, אז צווישען היהנער זיינען פאראן פיעלע ארטען, — קליינע, גרויסע מיט מיטעלע. זיי געהען אויך מדרגות־וויין און רעכענען זיך צווישען די פויגלען ווי שע־פעלעך צווישען די פיער־פיסיגע בעשעפּענישען. יעדער מין פויגעל האָט זיין בעזונדער אינסטינקט, מיט וועלכען ער האלט אויף זיין עקזיסטענץ. זייערע אינסטינקטען געהען מדרגות־ווייז, איינס העכער פון דעם צווייטען, ביז דעם פּאַפּוגאי (די פּאַלי), וועלכע קענען זיך אויסלערנען ריידען. די פויגלען זיינען אויך צוטהיילט נאָך די קלימאטען פון דער ערד. יעדער קלימאט האָט זיינע מינים פויגלען. עס זיינען דאָ אזעלכע מינים פויגלען ווי דער שוואלב און דער נאכטיגאל און אנדערע, וואָס, האָבענדיג די אייגענשאפט צו קענען פליהען, וואנדערען זיי אום פון איין קלימאט אין דעם צווייטען; ווען עס הויבט אָן צו ווערען קאלט אין איין קלימאט, פליהען זיי אוועק אין א צווייטען, וואו עס איז ווארים.

צווישען די פויגלעך זיינען דאָ אזעלכע מינים, וואָס זיינען דער צווישענשייד פון די פליהענדע און די אומגעהענדע, ווי די פלעדער־

מויז. דאָס זעלבע זיינען דאָ אזעלכע, וועלכע שווימען אין וואסער, ווי גענז, ענטלעך א. ד. גל.

אלע מינים פויגלען בעשטעהען פון זכר און נקבה. יעדער זכר און יעדע נקבה האָט דעם געשלעכטליכען געפיהל בלויז צו איהר מין, אָבער ניט צו א פויגעל פון א צווייטען מין.

די פליענען — די באַבאָטשקעס, די זשוקעס און די היישע־ריקען, וועלכע הייסען אין העברעאיש „שרץ העוף", — זיינען אויך צוטהיילט אויף די זעלבע קלאַסען און מינים נאָך די קלימאטען פון דער ערד. צווישען זיי זיינען אויך פאראן רויבער, וועלכע זויגען דאָס בלוט פון לעבעדיגע בעשעפענישען, און אויך אזעלכע, וואָס עסען פלייש, און שטילע, וועלכע ערנעהרען זיך מיט דעם זאפט פון פלאנצען.

יעדער מענש קען בעמערקען, ווי פערשיעדען די פליגען זיינען אין זייערע אינסטינקטען. דער ביען איז א גוטער בילדער; ער בויט אוים גאנצע פעסטונגען פון די האָניג און וואקס, וואָס ער ציהט ארוים דורך פלייסיגער ארבייט פון פערשיעדענע בלומען. יעדע געמיינדע פון ביענען האָט איהר קעניגין, וועלכע האָט א בעזונדער צימער, און די גאנצע געמיינדע ביענען זיינען איהרע דיענער. ווען זי פליהט אוועק פון איהר פעסטונג, פליהען נאָך איהר אלע ביענען פון דער געמיינדע, און וואו זי שטעלט זיך אָפּ, דאָרטען שטעלען זיך אָפּ אויך די ביענען פון איהר געמיינדע. דערפאר זוכען די מענשען, וועלכע מאכען געשעפטען מיט האָניג, צו פערכאַפּען די קעניגין פון די ביענען.

דער היישעריק האָט אין זיך א העכערען אינסטינקט פון די ביענען. דער היישעריק לעבט אויך צוזאמען, אין גאנצע גע־מיינדעס. דער היישעריק איז דער געפעהרליכסטער רויבער פון אלע פויגלען. זיי האָבען אויסזעהער, מרגלים, וועלכע פליהען און זעהען אוים א פעלד, וואָס איז בעוואקסען מיט געטריידע. דאן קומען זיי צו זייערע מיטגליעדער און ווייזען זיי דעם וועג. עס טרעפט, אז זיי פליהען אין אזעלכע מחנות, אז זיי פערשטעלען די שיין פון דער זון, ווי א וואָלקען. היישעריקען געפינען זיך בלויז אין ווארימע קלימאטען. ווען זיי בעפאלען א פעלד, עסען זיי אויף אלע פלאנצען, וואָס געפינט זיך דאָרטען, זאָגאר די קאָרע פון די יונגע בוימער. דער מענש האָט נאָך ביז איצט ניט אוים־געפונען קיין מיטעל, ווי צו רעטען זיך פון דער געפעהרליכער רויבענדער פליעג.

עס זיינען אויך פאראן אזעלכע פליגען, וואָס האָבען אין זיך

אזוי פיעל פּאַספּאַר, אז ווען זיי פליהען ביינאַכט, זעהען זיי אויס ווי פונקען פייער.

עס זיינען דאָ פליגען פון אלער אַרט שמוץ. עס זיינען דאָ פליגען פון פלאַנצען. עס זיינען דאָ פליגען, וועלכע זעהען בלויז ביינאַכט, פונקט ווי ביי די פויגלען.

די אלע פליגען, וועלכע זיינען אָהן א צאָהל, געהען אויך מדרגות־ווייז, ווי אין זייערע אינסטינקטען אזוי אויך אין זייער גרויס. עס זיינען פאראַן אזעלכע קליינינקע פליגען, וועלכע דעם מענשען'ס אויג קען זיי קוים בעמערקען, און עס זיינען דאָ גרעסערע און גאָר גרויסע.

די פויגלען בעשטעהען אויך פון זכר און נקבה, יעדערע נאָך איהר מין און אַרט.

### די אומקריכענדע.

נאָך די אומפליהענדע געפינען זיך אויף דער ערד די אומ־קריכענדע, וועלכע האָבען ניט קיין פיס צו געהן און קיין פליגלען צו פליהען.

די אומקריכענדע זיינען אויך צוטהיילט נאָך די קלימאַטען פון דער ערד. זיי געהען אויך מדרגות־ווייז — גאָר קליינע ביז גאָר גרויסע. יעדע אומקריכענדע בעשעפעניש האָט איהר אינ־סטינקט, מיט וואָס זי האַלט אויף דאָס לעבען.

די אומקריכענדע זיינען ווידער צוטהיילט אויף צוויי קלאַסען, אויף רויבענדע, וועלכע ערנעהרען זיך בלויז מיט די פלייש פון לעבעדיגע בעשעפענישען, און אויף שטילע, וועלכע ערנעהרען זיך מיט די זאַפט פון דער ערד. עס זיינען פאראַן פון זיי גאָר קליינע, מיזערנע, און גאָר גרויסע, אז עס נעהמט אָן א שרעק צו קוקען אויף זיי. אין די אומקריכענדע געפינען זיך אַזעלכע מינים, וועלכע זיינען דער צווישענשייד פון אומקריכענדע ביז געהענדע, ווי די יאשצעריצע. דאָס זעלבע איז פאראַן אין זיי אזא מין שלאַנג, וועלכע האָט פיגלען צו פליהען. זיי רעכענען זיך דער צווישענ־שיעד פון אומקריכענדע ביז פליהענדע. דאָך זיינען די ביידע מינים אומקריכענדע, ניט געהענדע און ניט פליהענדע, דען זייערע אינסטינקטען מיט די שפּייז, וועלכע זיי ערנעהרען זיך, זיינען די זעלבע וואָס ביי אלע אומקריכענדע. די אומקריכענדע בעשטעהען פון זכר און נקבה.

מיר האָבען זיך ביז איצט ערקונדיגט, אז אלע ערד־בעשע־פענישען, וועלכע געפינען זיך אויף דער ערד, פון דער העכסטער און בעסטער בעשעפעניש, דער מענש, ביז דער ניעדריגסטער או

ערגסטער בעשעפעניש, דער װאָרים, זײנען צוטהײלט אויף צװײ קלאסען, רויבענדע און שטילע. יעדער קלאס האָט אין זיך פערשיעדענע מינים, װעלכע געהען מדרגות־װײז אין זײער געשטאַלט, און יעדער מין צוטהײלט זיך אויף ארטען, װאָס יעדערער פון זײ האָט זײנע אינסטינקטען, מיט װאָס אויפצוהאַלטען זײן עקזיסטענץ, און יעדער ארט האָט אין זיך שלעכטע און גוטע, פרעהליכע און אומעדיגע. פון אײן מין ביז דעם צװײטען איז פאראן אזא ארט, װעלכער איז דער צװישענשײד פון זײן מין ביז דעם צװײטען. ער האָט אין זיך די עהנליכקײט פון דעם צװײטען מין, כאָטש ער רעכענט זיך פון דעם ערשטען מין. דען די אלע לעבעדיגע בעשעפענישען צוזאמען רעכענען זיך װי אברים אײנע בײ די צװײטע.

דער פינגער פון דעם מענשען׳ס פוס איז דער לעצטער און ניעדריגסטער אבר פון דעם מענשליכען קערפער. דאָך האָט ער אויך א קאָפּ, װעלכער רעכענט זיך דער צװישענשײד פון פינגער ביז דער פוס. ער איז דער צוזאמענהעפטער פון דעם פינגער מיט דער פוס, און דאָס זעלבע זײנען אלע אברים פון דעם מענשליכען קערפער, יעדער אבר האָט א קאָפּ, מיט װעלכע ער איז צוזאמענגעהעפט מיט דעם העכערען אבר.

## די פישען.

נאָך װאונדערליכער זײנען די בעשעפענישען, װעלכע געפינען זיך אין װאסער. עס איז גאָר קײן צאָהל ניטאָ צו אלע פערשיעדענע מינים פישען, װעלכע געפינען זיך אין אלע ימים און טײכען פון דער ערד. ביז איצט האָבען די זאָאָלאָגען אויסגעפונען איבער פינף הונדערט טויזענד מינים פישען, און װער קען װיסען װיפיעל מינים פישען עס זײנען נאָך דאָ, װאָס דער מענש האָט נאָך ניט אויסגעפונען? װאָס מעהר דער מענש לעבט, אלץ מעהר נײע בעשעפענישען געפינט ער אין װאסער. די זאָאָלאָגיע פון אונזער תלמוד זאָגט, אז די זעלבע בעשעפענישען, װעלכע געפינען זיך אויף דער ערד, זײנען אויך פאראן אין װאסער, אויסער דעם מין קעץ.

עס זײנען פאראן אזעלכע גרויסע פיש, װעלכע שלינגען אײן די גרעסטע בעשעפענישען פון דער ערד. עס זײנען פאראן אזעלכע פישען, װעלכע האָבען אין זיך אזוי פיעל עלעקטריע, אז דער, װאָס האלט זײ מיט׳ן האנד, הויבט איהם אָן טרײסלען אלע גליעדער פון קערפער. זײ הערשען איבער די גרעסטע פישען פון ים. װען דער װאל־פיש בעגעגענט זיך מיט די עלעקטריע־פישען, פאלט אויף איהם באלד אָן א שרעק און אָהן װידערשאנד גיט ער זיך אונטער צו

זיין מערדער, באַטש ער איז פיעל גרעסער פון איהם. די עלעקטריע פיש פיהרט איהם א געפאנגענעם צום גרונד פון ים און מאכט אן ענדע צו זיין לעבען.

די פישען האָבען וואונדערליך קלוגע אינסטינקטען, ווי צו פאנגען די שלאפערע פון זיי. קיין חיה און קיין פויגעל האָט ניט אזעלכע אינסטינקטען. עס געפינען זיך זאָגאר פיש מיט פיעלע קעפּ, מיט וועלכע זיי בענוצען זיך צו כאפּען די גרעסטע בעשע־פּענישען פון וואסער אָדער פון דער ערד. פריהער זויגען זיי אוים דאָס בלוט, נאָכדעם עסען זיי די פלייש.

די פישען זיינען אויך צוטהיילט אויף צוויי קלאסען: רויבענדע און שטילע. יעדער קלאס איז ווידער צוטהיילט אויף מינים. אין יעדען מין געפינען זיך בעזונדערע ארטען. צווישען די בעשע־פּענישען פון וואסער געפינען זיך גאָר גרויסע און גאָר קליינע, און יעדערער פון זיי האָט א בעזונדער אינסטינקט, מיט וועלכען עס האלט אויף זיין עקזיסטענץ. סיי די רויב־פישען און סיי די שטילע פישען געהען מדרגות־ווייז, פון גאָר קליינע ביז גאָר גרויסע. עס גיבען פישען, וועלכע האָבען פליגלען. זיי זיינען דער צווישענ־שייד פון די וואסערדיגע בעשעפּענישען ביז די פליהענדע. עס זיינען אויך פאראַן פישען, וועלכע האָבען פיס, ווי די קראָקאָדילען און די פרעש, וואָס רעכענען זיך פאר דעם צווישענשייד פון די וואסערדיגע און די געהענדע בעשעפּענישען.

פונקט ווי די בעשעפּענישען, וואָס געפינען זיך אויף דער ערד, זיינען אויך די בעשעפּענישען פון דער וואסער־וועלט צוטהיילט לויט די קלימאטען פון דער ערד. עס זיינען דאָ פישען, וועלכע קענען בלויז לעבען אין בעשטימטע וואסערען און עס זיינען דאָ פיש, וואָס לעבען אין אלע וואסערען. אָבער אין טעם און געשמאַק זיינען זיי פערשיעדען. איין מין קומט אוים ביי דעם צווייטען ווי אן אבר, וועלכער האָט זיין אינסטינקט, מיט וועלכען ער האלט אויף זיין עקזיסטענץ, און אלע מינים פישען צוזאמען זעהען אוים ווי איין גרויסע וואסער־בעשעפּעניש, פונקט ווי די בעשעפּע־נישען פון דער ערד.

יעדער ארט חיה, יעדער ארט פויגעל, יעדער ארט פיש און יעדער ארט קריכענדע האָט איהר בעזונדער אינסטינקט, וועלכען גאָט האָט איהר געגעבען זי זאָל קענען דערגרייכען איהרע בעדערפ־נישען אין עסען אזוי גוט ווי אין מאכען זיך א נעסט פאר איהר זעלבסט מיט איהרע קינדער, צוליעב קיום המין און עקזיסטענץ.

דאָ זעהען מיר ריכטיג און דייטליך, אז אלע לעבעדיגע בעשעפּענישען, סיי די געהענדע, סיי די קריכענדע און סיי די

וואסער־בעשעפענישען, זיינען צוטהיילט אויף שטילע, וועלכע ער־נעהרען זיך מיט די געוויקסע פון דער ערד, און רויבענדע, וועלכע האלטען אויף זייער לעבען בלויז מיט די פלייש פון די שטילע לעבעדיגע בעשעפענישען. יעדער קלאס איז ווידער צוטהיילט אויף מינים און ארטען, פון וועלכע איטליכער בעזונדער בעשטעהט פון פיעלע אברים און געפינט זיך ביי זיך זעלבסט ווי איין גרויסע בעשעפעניש, און אלע צוזאמען זיינען זיי איין גרויסע בעשעפעניש.

ווען מיר וועלען גוט בעמערקען די געפיהלען מיט דעם פער־שטאנד פון אלע לעבעדיגע בעשעפענישען צוזאמען, וועלען מיר זעהן, אז די אלע געפיהלען און אינסטינקטען פון אלע ערדליכע און וואסער־בעשעפענישען געפינען זיך אין דעם קלענסטען און פשוט'סטען מענשען. אין דעם קלענסטען און נידריגסטען מענ־שען געפינען זיך די געפיהלען און די אינסטינקטען פון אלע לעבע־דיגע בעשעפענישען. מעהר נישט, ביי אלע בעשעפענישען איז דאס ניט מעהר ווי אן אינסטינקט, אהן שום פערשטאנד, און דער מענש האט נאך דערצו שכל, וויסענשאפט און פערשטאנד ווי צו בענוצען זיך מיט די אלע אינסטינקטען און געפיהלען. אויף אזא אופן מוזען מיר אנערקענען, אז דער מין מענש רעכענט זיך פאר דעם קאפ פון אלע לעבעדיגע בעשעפענישען און אז זיי זיינען דעם מענשען'ס אברים.

דער מענש צוזאמען מיט אלע לעבעדיגע בעשעפענישען איז ווי איין גרויסע בעשעפעניש, וואס בעשטעהט פון צוויי מינים, זכר און נקבה.

### וועגען פלאנצונג.

וואו אונזער אויגענבליק פאלט ניט, זעהען מיר, אז די ערד לאזט פון זיך ארויס פלאנצען. די פלאנצען זיינען פערשיעדענע. יעדער ברעקעל ערד לאזט פון זיך ארויס א בעזונדער גראז. איין ברעקעל ערד לאזט ארויס א פייגען־בוים און א צווייטע — א וויינשטאק א. ז. וו. דאס הייסט, אז יעדער שטיקעל ערד האט א בעזונדערע קראפט מיט פערשיעדענע עלעמענטען, פון וועלכע עס קען ארויסוואקסען א בעשטימטע פלאנצונג. ווען דער מענש פערזעעט וועלכע פלאנצונג ער דארף, דאן לאזט די ערד ארויס יענע פלאנצונג און ניט קיין אנדערע. ווען דער מענש וואלט ניט געשניטען די גראז און וואלט ניט געאקערט די ערד, וואלט געווים אויף די זעלבע פלעצער אויסגעוואקסען אלעראַרט פרוכט־בוימער און אנדערע בוימער.

אבער די גראז גופא איז אויך פון הונדערטער טויזענדער

פערשיעדענע מינים. עס איז דאָ אזעלכע גראָז, וואָס לאָזען פון זיך א גוטען גערוך און עס זיינען דאָ גראָז, וועלכע גיבען קיין גערוך, אָבער צום עסען זיינען זיי גוט, סיי פאַר דעם מענשען, סיי פאַר די שטילע, געהענדע בעשעפענישען. דאַגעגען, איז פאַראַן גראָז, וואָס זיינען שעדליך פאַר דעם מענשען און נויטיג פאַר די בהמות. און עס גיבען אזעלכע גראָז, וואָס זיינען שעדליך פאַר אַלע לעבעדיגע בעשעפענישען.

די גראָזען געהען אויך מדרגות־ווייז, פון גאָר שלעכטע ביז גאָר גוטע, פון גאָר ביטערע ביז גאָר זיסע. סיי די זיסע און סיי די ביטערע זיינען צוטהיילט אויף פיעלע מינים. פעפער, חריין, זענעפט זיינען ביטער, דאָך געברויכען זיי די מענשען צום עסען. זייער ביטערקייט איז אָבער פערשיעדען, און דער מענש קען זיי ניט עסען ווי זיי זיינען, ער מוז זיי צוריכטען מיט א צווייטער זאַך, וואָס מאכט זיי געשמאַק צום מענשען'ס גומען. עס גיבען אזעלכע ביטערע פלאַנצען ווי רעטעך, ציבעלע א. ד. גל., וואָס דער מענש קען זיי עסען גלייך ווי ער נעהמט זיי ארויס פון דער ערד. דאָס־גלייכען זיינען די זיסע מיט די זויערע פלאַנצען אויך אָפּגעטהיילט אין זייער זיסקייט איינע פון די אנדערע. עס זיינען דאָ אזעלכע פלאַנצען, וועלכע האָבען אין זיך אזוי פיעל זיסקייט, אז דעם מענשען'ס גומען פיהלט א ביטערקייט. דאָסגלייכען געפינען זיך אין די זויערע אויך פערשיעדענע מדרגות זויערקייט.

די פלאַנצען זיינען אויך צוטהיילט נאָך די קלימאַטען פון דער ערד, אזוי ווי די לעבעדיגע בעשעפענישען. יעדער קלימאַט פון דער ערד האָט זיינע בעשטימטע פלאַנצען, וועלכע קענען בלויז וואַקסען אין דעם בעשטימטען קלימאַט. עס זיינען אָבער אויך פאַראַן אזעלכע פלאַנצונגען, וועלכע קענען וואַקסען אין אַלע קלי־מאַטען, אָבער אין טעם און גערוך זיינען זיי פערשיעדען.

די פלאַנצען זיינען אויך צוטהיילט אויף צוויי קלאַסען: רויבענדע און שטילע; רויבענדע, וועלכע עסען זאָגאַר לעבעדיגע בעשעפענישען, און שטילע, וועלכע ערנעהרען זיך בלויז פון דעם, וואָס זיי זויגען די ערד. יעדער קלימאַט האָט זיינע בעשטימטע רויבענדע און שטילע פלאַנצען. יעדער קלאַס רויבענדע פלאַנצען איז ווידער צוטהיילט אויף מינים. די מינים ביי זיך זעלבסט זיינען צוטהיילט אויף ארטען. גראדע אזוי זיינען אויך די שטילע צוטהיילט אויף מינים און ארטען. נעהמט, צום ביישפּיעל, דעם עפּעל. אַלע עפּעל האָבען איין און דעם זעלבען אויסזעהן, ווי מענשען פון איין ראַסע, דאָך זעהען מיר וויפיעל ארטען עפּעל עס

זיינען דאָ. פאַראַן זיסע, זיס־זויערליכע, זיס־ביטערליכע, גאַר זויערע, וויניגע א. ז. וו.

דערפון קענען מיר פערשטעהן, אז די מענשען אויך אזוי. כאָטש זיי זיינען פון איין ראסע און פון איין פאָלק, דאָך זיינען זיי אויך צוטהיילט אויף ארטען און זיי געהען מדרגות־וויז. עס זיינען דאָ מענשען גאַר גוטע אָדער גאַר שלעכטע, גאַר געלאסענע און גאַר בייזע, פרעהליכע און אומעדיגע א. ז. וו. יעדער מענש האָט אין זיך פון אלע זיטען צו ביסלעך, אָבער נאָך די עלעמענטען פון זיינע קערפערליכע שטאָפען, האָט ער איין געפיהל מעהר פון די איבעריגע.

אין די פלאַנצען זעהען מיר, אז די מעהרסטע פון זיי זיינען שלעכטע און די גוטע זיינען זעהר וועניג. דאָס זעלבע קענען מיר בעמערקען אין אלע לעבעדיגע בעשעפענישען. זאָגאר ביי דעם מענשען זיינען אויך די מעהרסטע שלעכטע, די גוטע מענשען זיינען אַן אויסנאַהמע.

אויף אזא אופן מוזען מיר אנערקענען, אז די אלע פלאַנצען זיינען אויך איינס ביי דעם אנדערע אברים און אלע צוזאַמען שטעלען מיט זיך פאַר איין גרויסע פלאַנצע, וועלכע האָט אין זיך אלע אייגענשאַפטען, ווי ביי לעבעדיגע בעשעפענישען. די פלאַנצען האָבען די זעלבע אברים, ווי אלע לעבעדיגע בעשעפענישען. ביי זיי איז אויך פאַראַן א קאָפּ, וואָס רעכענט זיך אלס דער צווישענשייד פון די פלאַנצען און די בעלי־חיים, און עס זיינען אויך פאַראַן אזעלכע פלאַנצען, וואָס רעכענען זיך פאַר די ניעדריגסטע אברים פון די פלאַנצען און זיי זיינען עהנליך צו די ערדליכע (דוממים). זיי זיינען עס דער צווישענשייד פון די פלאַנצען און די ערדליכע.

אזוי נאָך קומט אויס, אז די לעבעדיגע בעשעפענישען זיינען דער קאָפּ פון די פלאַנצונגען, און דער מענש איז דער קאָפּ פון אלע לעבעדיגע בעשעפענישען. אלע צוזאַמען שטעלען מיט זיך פאַר איין גרויסען קערפּער.

מעטאַלען, שטיינער און ערד.

ניעדריגער פון די פלאַנצען שטעהען די מעטאַלען. דען די מעטאַלען געפינען זיך בלויז אין דעם קערפער פון דער ערד; זיי וואַקסען ניט אַרויס פון דער ערד, ווי די פלאַנצען.

די מעטאַלען געהען אויך מדרגות־וויז, איינע העכער פון די אנדערע, ביז גאָר די העכסטע, וואָס קומט אויס ביי זיי ווי א קאָפּ. ביי די מעטאַלען זעהען מיר אויך, אז די העכערע און די בעסערע זיינען וועניגער פון די ניעדריגערע, פון די ערגערע. טשיהון אייזען

איז פאראן א פולע, אָבער שטאָל איז פאראן ווענינער; ציין איז דאָ ווענינער פון בליי, זילבער — נאָך וועניג און גאָלד זעהר וועניג.
די מעטאַלען זיינען אויך צוטהיילט אויף צוויי קלאסען. מיר זעהען, אז טשיהון און אייזען ווערען פערראָסטעט. דאָס זעלבע ווערען מעש און קופער אויך פעררָאסטעט. דער ראָסט עסט זיי אויף אין גאנצען. גאָלד און זילבער אָבער ראָסטען ניט. די גאָלד זעלבסט בעשטעהט אויך פון פיעלע ארטען. דאָס זעלבע איז מיט אלע מעטאלען. יעדער מין פאר זיך בעשטעהט פון פיעלע אברים און קומען אויס ווי אברים איינע ביי די אנדערע און אלע צוזאמען בעשטעהען וויעדער ווי איין גרויסע בעשעפעניש.
אין די שטיינער זעהען מיר דייטליכער ווי אין די מעטאלען ווי זיי זיינען צוטהיילט נאָך זייערע קלאסען, מינים און ארטען, פון דעם בעסטען דיימאָנד ביז'ן ערגסטען, פשוט'ען שטיין, וועלכען מיר בענוצען אויסצופלאסטערען די גאסען אָדער מאכען פינדא־מענטען צו בילדען אויף זיי די גרעסטע הייזער. זיי געהען אויך מדרגות־וויין, פון גאַר די ערגסטע ביז גאַר די בעסטע, און קומען אויס ווי אברים איינע ביי די אנדערע. ביי זיי זיינען אויך פאראן אזעלכע שטיינער, וועלכע לאָזען פון זיך ארויס געוויקסע און קומען אויס דער צווישענשייד פון שטיינער און פלאנצען. אין בעהמען (עסטרייך) געפינט זיך א גאנצער וואלד פון שטיינער אין דעם אויסזעהן און געשטאלט פון חיות און פויגלען, מענשען זיצען רייטענדיג אויף פערד און האלטען געוועהר אין די הענד, גייסטליכע מענשען אָנגעטהאָן אין שווארצע קליידער. דער בלאָסק פון די שטיינער איז ווי דער בליאסק פון דימענטען, בריליאנטען, רובינען, קריסטאָל א. אז. וו.
דאָס אלעס צייגט אונז ריכטיג, אז סיי דער מענש מיט די איבעריגע לעבעדיגע בעשעפענישען און סיי די פלאנצען מיט די מעטאלען און שטיינער זיינען אלע צוטהיילט אויף צוויי קלאסען, רויבענדע און שטילע. די קלאסען זיינען וויעדער צוטהיילט אויף מינים און די מינים אויף ארטען. יעדער ארט פאר זיך האָט אין זיך פערשיעדענע זאָרטען, וועלכע געהען מדרגות־וויין און קומען אויס ווי אברים איינע ביי די אנדערע. פון איין מין ביז דעם צווייטען איז פאראן אזא מין, וועלכער רעכענט זיך פאר דעם קאָפ פון זיין מין, און מיט דעם רעכענט ער זיך אויך אלס א צווישענ־שייד פון דעם ניעדריגען מין ביז דעם העכערען. די שטיינער, פון וועלכע עס וואקסען פלאנצען, זיינען דער צווישענשייד צווישען שטיינער און פלאנצען. ביי די פלאנצען איז אויך פאראן אזא ניעדריגע פלאנצע, וועלכע רעכענט זיך אלס דער צווישענשייד

פון פלאנצען און לעבעדיגע. אלע צוזאמען בעשטעהען ווי איין גרויסע בעשעפעניש מיט א סך אברים, וועלכע בעשטעהען פון זכר און נקבה, יעדרער נאך זיין מין און ארט.

איך האב שוין בעשריבען, אז די לעבעדיגע בעשעפענישען געהען מדרגות־וויז און ביי יעדער מין בעשעפעניש געפינט זיך אזא ארט בעשעפעניש, וואס איז דער צווישענשייד פון איהר מין ביז דעם צווייטען.

פאלש איז דארווין'ס טהעאריע, וועלכע ערקלעהרט, אז דער מענש קומט ארויס פון אן אבעזיאנא (מאנקי). די אבעזיאנע איז די העכסטע פון די פיער־פיסיגע בעשעפענישען און איז זייער קאפ. דערמיט איז זי אויך דער צווישענשייד צווישען די פיער־פיסיגע און דעם מענשען, ווייל עס זיינען דאך אויך פאראן אבעזיאנעס, ווי דער גארילא, וועלכע קענען געהן אויף צוויי פיס. דאך איז די אבעזיאנע בלויז א בעשעפעניש ווי אלע פיער־פיסיגע.

קענען מיר דען זאגען, אז דער מין קעץ איז געבארען פון דעם מין טיגער, אדער דער מין לעאפארד קומט ארויס פון א לייב, אדער דער הונד פון דעם וואולף, ווייל זיי זיינען עהנליך איינע צו די אנדערע? פונקט אזוי קענען מיר ניט זאגען, אז דער מין מענש קומט ארויס פון דער מאנקי.

די ערד האט פון זיך ארויסגעלאזען אין א בעשטימטער צייט יעדער מין בעשעפעניש נאך די מינים און די ארטען ווי זיי גע־פינען זיך איצט, יעדערע מיט איהר אינסטינקט און געפיהל. מיר זעהען דאך אויך ביי פלאנצען, אז פון אן עפעל־בוים קומט ניט ארויס קיין בארען־בוים, פון א וויינשטאק ווערט ניט קיין אגרעס־בוים, פון אן אתרוג ווערט ניט קיין אפעלסין אדער ציטרין א. ז. וו. די ערד עקזיסטירט שוין אזוי פיעל יאהרען און די אבעזיאנעס האבען זיך ניט קולטיווירט אויף איין האאר; דעם זעלבען פער־שטאנד, וואס זי האט געהאט מיט טויזענדער יאהרען צוריק, האט זי אויך יעצט. מיר האבען נאך ניט געזעהן, אז אן אבעזיאנע זאל געבוירען א קינד, וואס זאל זיין קליגער פון איהר מוטער.

נאך מעהר קען מען זיך איבערצייגען די ריכטיגקייט פון מיין מיינונג מיט דעם, וואס די אבעזיאנעס האבען בעשטימטע ווארימע קלימאטען אויף דער ערד, וואו זיי קענען עקזיסטירען, און זיי עסען בלויז פלאנצען און ניט קיין פלייש. ווען דער מענש וואלט ארויסגעקומען פון דער אבעזיאנע, וואלט דאך די אבעזיאנע אויך געמוזט קענען עקזיסטירען אין אלע קלימאטען און עסען פלייש, ווי דער מענש.

עס איז בלויז א פראגע ביי היינטיגע חוקרים, צו עס איז

בעשאפען געוואָרען אויף דער ערד איין מענש, ווי אונזער תורה שרייבט, און פון דעם זעלביגען מענש מיט זיין ווייב קומען אַרויס אַלע פעלקער און ראסען, אָדער די ערד האָט ארויסגעלאָזען פון זיך פיעל מענשען מיט ווייבער, יעדער טהייל ערד נאָך איהרע קלימאטען, דאָסזעלבע ווי זי האָט ארויסגעלאָזען אלע איבעריגע בעשעפּעניש נאָך איהרע טהיילען און קלימאטען. וואָרים מיר זעהען, אז די כינעזער מיט די יאפּאנעזער זיינען א בעזונדער ראסע, די אינדיאנער זיינען ווידער אָפּגעטהיילט פון זיי, די אראבער זיינען ניט גלייך מיט זייביידען, די ניגערס זיינען גאָר אָפּגע־טהיילט פון אלעמען. די אייראָפּעער זיינען קליגער און שעהנער פון זיי אלעמען. און פון וואנען און ווי אזוי זיינען געקומען די אינדיאנער, וועלכע קאָלאָמבוס האָט געפונען אין אמעריקא, און די ווילדע מענשען פון אויסטראליען? ווער האָט זיי געבראכט אין אמעריקא און אויסטראליען, אז קיין שיפען האָבען זיי ניט געהאט? זאָלען מיר קלעהרען, אז אין די פארצייטיגע יאָהרען האָט א שיף מיט מענשען פערבלאָנדזעט און די כוואליעס האָבען זיי פערטראָגען אין אמעריקא. אויב אזוי, זייענן געווען די ערשטע פערבלאָנדזעטע מענשען קולטורעלע, האָבען דאָך די אינדיאנער ניט געדארפט שטעהן ניעדריגער אין ציוויליזאציע פון די איירא־פּעער. און אונז איז דאָך בעוואוסט, אז די אינדיאנער זיינען געווען ווילדע מענשען. זאָגאר די ניגערס, וועלכע זיינען געקומען צו אונז בלויז פון דעם טהייל ערד, וועלכער רופט זיך אפריקא, זיינען אויך געווען האלב ווילדע מענשען.

דאָס אלעס האָט געבראכט דעם פערשטאנדיגען מענשען צו קומען צום שלוס, אז ניט איין מענש איז בעשאפען געוואָרען אויף דער ערד, נאָר אז יעדער טהייל ערד האָט, לויט איהר קלימאט, פּראָדוצירט מענשען, גראדע אזוי ווי אלע לעבעדיגע און ניט־לעבעדיגע פּראָדוקטען, וואָס געפינען זיך אין יעדען טהייל און קלימאט פערשיעדענע.

דאָס אלעס וואָלט געווען ריכטיג, ווען עס וואָלט ניט געווען קיין מבול אויף דער ערד, וועלכער האָט דערטרונקען אלע לעבע־דיגע אומגעהענדע און פליהענדע בעשעפּענישען פון דער ערד. מיר ווייסען דאָך אָבער — ניט נאָר פון אונזער תורה אליין, נאָר פון אלע אור־אלטע פעלקער, און די געאָלאָגיע גופא האָט עס אנערקענט — אז עס איז געווען א מבול אויף דער ערד, וועלכער האָט פערניכטעט אלע בעשעפּענישען, וואָס האָבען דאַן געלעבט אויף דער ערד. די ערד האָט ניט פּראָדוצירט קיין לעבעדיגע בעשעפענישען, אויסער די וואָס זיינען געבליבען פון מבול. ווי

אזוי אָבער און אויף וואָס פאר אן אופן זיינען געבליבען פון מבול די אלע בעשעפענישען פון אלע קלימאטען פון דער ערד, וועלכע מיר זעהען איצט מיט אונזערע אויגען? דאָ מוזען מיר שוין ניט ווילענדיג בעשטעטיגען די ריכטיגקייט פון אונזער תורה, אז עס איז געווען א מענש, וועלכער האָט געוואוסט פריהער, אז עס וועט זיין א מבול. ער האָט אויפגעבויט א גרויסע שיף, אין וועלכער ער האָט גערעטעט די אלע לעבעדיגע אומגעהענדע און פליהענדע בעשעפענישען, וואָס געפינען זיך איצט אויף אלע טהיילען און קלימאטען פון דער ערד. און פון דעם מאן מיט זיינע דריי זיהן זיינען געבוירען אלע ראסען מיט אלע פעלקער, וועלכע געפינען זיך אויף דער ערד.

אונז איז נאָר געבליבען די פראגע: פון וואנען און ווי אזוי קומען די אינדיאנער אין אמעריקא און אויסטראליען? דעם ענטפער אויף דער פראגע מוזען מיר אויך זוכען אין אונזער תורה, וועלכע האָט געשריבען דייטליך וועגען דעם. מעהר ניט, מיר האָבען ניט פערשטאנען די מיינונג פון דעם שרייבער, ווייל ער האָט בעשריבען דעם עקסידענט אין קורצע, געצעהלטע ווערטער. דער שרייבער פון אונזער תורה דערצעהלט אונז, אז ביי דעם מאן עבר, וועלכער איז געווען דער פיערטער דור פון נח'ן, איז געבאָרען געוואָרען א זוהן, וועלכען ער האָט אָנגערופען מיט דעם נאָמען פלג, ווייל אין זיינע צייטען האָט זיך די ערד צוטהיילט. דאָס האָט פאסירט, ווי אונזער תורה דערצעהלט, הונדערט מיט איין יאָהר נאָך דעם מבול. אונזערע אור־אַלטע חכמים, וועלכע האָבען אונז פערטייטשט די תורה — ניט וויסענדיג, אז די ערד האָט נאָך צוויי טהיילען, אמעריקא און אויסטראליען, ווייל זיי האָבען נאָר דאן געוואוסט פון אזיע, אפריקא און אייראָפא — האָבען אונז ערקלעהרט, אז דאָס וואָס עס שטעהט אין דער תורה, אז אין פלג'ס צייטען האָט זיך די ערד צוטהיילט, מיינט, אז אין זיינע צייטען האָבען זיך די מענשען פון דער ערד צוטהיילט אויף בעזונדערע שפראכען, ווייל גאָט איז אויף זיי אין כעס געוואָרען דערפאר וואָס זיי האָבען געבויט א הויכען טהורם מלחמה צו האלטען מיט גאָט. וויסענדיג אָבער, אז די מענשען האָבען זיך צוטהיילט אויף פערשיעדענע שפראכען אין דעם לעצטען יאָהר פון פלג'ס לעבען, האָבען זיי געזאָגט, אז עבר, דער פאָטער פון קינד, איז געווען א נביא און האָט געוואוסט, אז אין דעם לעצטען יאָהר פון דעם ניי־געבאָרענעם קינד וועט פאָרקומען די צוטהיילונג פון די מענשען אין פערשיעדען שפרעכענדע פעלקער, האָט ער

דערפאַר דאָס קינד אַ נאָמען געגעבען פלג מיט צוויי הונדערט יאָהר פריהער.

דיעזע ערקלעהרונג שטימט אָבער ניט מיט דער היסטאָריע און מיט דעם טייטש פון דעם נאָמען פלג. אונז איז בעוואוסט, אז אין די אור־אַלטע צייטען האָבען די מענשען אָנגערופען זייערע ניי־געבאָרענע קינדער נאָך די פאַסירונגען פון דער צייט פון זייער געבורט, אָבער ניט נאָך פאַסירונגען וואָס וועלען פאָרקומען הונדערט יאָהר נאָך זייער געבורט. דער, וואָס קען די העברעאישע שפּראַך, וויים, אז דער נאָמען „פלג“ הייסט אין העברעאיש אַ טייך, וואָס טהיילט אָפּ די ערד. דער שרייבער פון אונזער תורה, וועלכער בעשרייבט ווי אזוי ביי די מענשען זיינען געוואָרען פער־שיעדענע שפּראַכען, דערצעהלט, אז די שטאָדט, אין וועלכער די מענשען האָבען זיך צוטהיילט אויף בעזונדערע שפּראַכען, האָט געהייסען „בבל“, כי שם בלל ה׳ שפת כל הארץ: ווייל אין דער שטאָדט האָט גאָט צומישט די שפּראַך פון דער גאַנצער וועלט. איז דאָך קלאָר, אז ווען עבר וואָלט געוואָלט אָנרופען זיין זוהן נאָך דער שפּראַכען־צומישונג, וואָלט ער איהם אַ נאָמען געגעבען בבל אָבער ניט פלג.

אָבער ווי מיר ווייסען איצט, אז אין אמעריקא און אויס־טראַליען זיינען געוועזען מענשען נאָך פון די אור־אַלטע צייטען, איז אונז לייכט צו פערשטעהן די היסטאָריע, וואָס דער שרייבער פון דער תורה דערצעהלט אונז, אז דערפאַר האָט ער אָנגערופען זיין געבאָרענעם זוהן פלג, ווייל אין זיינע צייטען האָט זיך צו־טהיילט די ערד, האָט ער טאקע געמיינט, אז די ערד האָט זיך צוטהיילט און ניט די מענשען. דען ווי די געאָלאָגיע האָט אויס־געפונען, איז אמעריקא געוועזען צוזאמען בעהעפט מיט אזיען דורך די אינזלען איסלאַנדיע, גרענלאַנדיע און פאַרעסקים. אין דער צייט, וואָס ביי דעם מאַן עבר איז געבאָרען געוואָרען דער זוהן פלג, האָט דער נאָרד מעער צוריסען די ערד און האָט אָפּגעטהיילט אמעריקא פון אזיע, און די אינדיאַנער, וועלכע קאָלאָמבוס האָט געפונען, זיינען געבליבען אויף דעם טהייל אמעריקא פון יענער צייט. דארום זיינען זיי געוועזען האלב ווילד אָדער אינגאנצען ווילד, און דארום שרייבט די תורה, אז דעם צווייטען זוהן האָט ער אָנגערופען יקטן, פערקלענערט — די ערד איז קלענער גע־וואָרען.

דערפון זעהט מען, אז עס איז טאקע פון אָנפאַנג געווען נאָר איין מענש, נאָר נאָכדעם, ווי די ערד־טהיילען האָבען זיך צוטהיילט, זיינען די פערשיעדענע מענשען אזוי פערענדערט געוואָרען, אז

זיי זיינען געוואָרען פערשיעדענע ראסען און עס ווייזט אויס, אז זיי שטאמען נאָר פון אנדערע אור־עלטערען.

אלע מענשען שטאמען פון איין מענש און זיינען איין מענש, וועלכער איז דער קאָפּ פון אלע חיות, פויגלען און פיש.

.10

## די ערד איז א פרוי. זי האָט געבאָרען קינדער און זי מוז שטאַרבען.

ווען מיר בעטראכטען דעם מענש, זעהען מיר מיט די אויגען, אז יעדער גליעדער פון זיין קערפּער איז אָפּגעטהיילט פון די איבע־ריגע גליעדער ניט נאָר אין דער געשטאלט און אויסזעהן פון דעם גליעד זעלבסט, נאָר אויך אין דער טהעטיגקייט. אין יעדער האנד זיינען פאראן פינף פינגער און יעדער פינגער איז ניט גלייך צום צווייטען. ווען מיר עסען די פלייש פון לעבעדיגע בעשעפעניש‌ען, פיהלען מיר, אז יעדער אבר, יעדעס גליעד האָט אין זיך א בעזונדער טעם. זאָגאר פערשיעדענע טהיילען פון איין גליעד זיינען אויך ניט גלייך אין טעם.

אויסער דעם, וואָס די טהיילען און גליעדער פון יעדער לע־בעדיגער בעשעפעניש זיינען אָפּגעזונדערט אין געשטאלט און גע־שמאק, בעמערקען מיר אין זיי נאָך א זאך — אז עס זיינען פאראן אברים, אויף וועלכע עס וואקסען האָאָר, און אברים, אויף וועלכע עס וואקסען ניט קיין האָאָר. די האָאָר פון איין אבר זיינען אָבער ניט גלייך צו די האָאָר פונ'ם צווייטען אבר. די האָאָר פון באָרד איז גראָב, די האָאָר פון קאָפּ איז דין און ווייך.

דער מענש האָט אין זיך פינף חושים (געפיהלען) — הערען, שמעקען, זעהן, טאפּען און געשמאַק. ווען א מענשען פעהלט איינער פון די פינף געפיהלען, ווערען ביי איהם די איבעריגע פיער געפיהלען שטארקער. דאָס זעלבע איז מיט די גליעדער פון דעם מענשליכען קערפּער. ווען עס פעהלט איהם איין גליעד, זיינען די איבעריגע גליעדער שטארקער און. ווען די פרוי, צום ביישפּיעל, האָט ניט קיין האָאָר אויף איהר גאנצען קערפּער, זיינען ביי איהר די האָאָר פון קאָפּ לענגערע, געדיכטער און שטייפער. איך האָב קיינמאָל ניט בעמערקט א פרוי מיט א פליך, ווי דאָס טרעפט ביי מענער זעהר אָפט.

אין פיעלע ערטער פון דעם מענשליכען קערפּער זעהען מיר גליעדער, וועלכע זיינען העכער, איבערהויפּט אין קאָפּ. עס איז

דאָ א נאָז, צוויי אויערען, צוויי ליפּען. ביי א פרוי געפינען זיך בריסט. דער קאָפּ פון מענשען און פון אלע לעבעדיגע בעשעפּענישען איז אין גאנצען אָפּגעטהיילט פונ'ם קערפּער און א דינע, שמאָלע האלז פעראייניגט זיי.

יעדעס לעבעדיגע בעשעפעניש האָט אין איהר קערפּער אויבערשטע לעבער און אונטערשטע לעבער, דורך וועלכע זי שטופּט ארויס די שמוץ, וואָס דער קערפּער דאַרף ניט.

אין יעדער בעשעפעניש געפינען זיך אלע מעטאלען און ברענענדע שטאָפען, וואסער און פייער מיט ווינד.

די ערד זעלבסט האָט אויף איהר אויבערפלעכע אזעלכע ערטער, וואו עס וואקסען פלאנצען, און מדבריות, וואו עס וואקסען ניט קיין פלאנצען. אָבער ניט אין אלע ערטער וואקסען די זעלבע פלאנצען. די פלאנצען פון פערשיעדענע געגענדען זיינען פערשיעדען אין געשטאלט און אויך אין טעם. זאָגאר אזעלכע פלאנצען און פרוכט, וואָס וואקסען אין איין געגענד, זיינען אויך פערשיעדען אין טעם.

דערפון קענען מיר זעהן, אז די ערד זעלבסט האָט אין זיך אויף בעזונדערע גליעדער, פונקט ווי יעדעס לעבעדיגע בעשעפעניש, און דארום מוזען די פלאנצען האָבען דעם געשמאק פון דעם גליעד פון דער ערד, אויף וועלכען זיי וואקסען אויס.

ווען די לעבעדיגע בעשעפענישען ערנעהרען זיך מיט די פרוכט און פלאנצען, מוזען זיי בעקומען די זעלבע געפיהלען און די טהעטיגקייט און געשמאק פון דעם זעלבען ערד־גליעד, אויף וועלכע זיי ווערען געבאָרען און ערצויגען.

די ערד האָט אויף זיך הויכע בערג. די בערג געפינען זיך אין אלע טהיילען פון דער ערד. דאָס זיינען איהרע העכערע גליעדער, ווי ביי דעם מענשען א נאָז, אויערען, הענד, פיס, אקסלען, בריסט. גאָר די העכסטע בערג פון דער ערד, וועלכע זיינען אימער בעדעקט מיט שנעע, זעהען אויס ווי דער קאָפּ פון דער ערד, אָבער די ערד, נאָך איהר לענג, ברייט און גרעב, מוז האָבען פיעלע בערג אזעלכע, וואָס זיינען בעדעקט מיט שנעע, ד. ה. פיעלע קעפּ.

אין יעדען קאָפּ מוזען זיך געפינען לעבער — א מויל, נאָז־לעבער, אויערען. פונקט אזוי זיינען פאראן לעבער אין דעם אונטערשטען טהייל פון קערפּער, וואָס טהוען געוויסע ארבייטען פאר'ן קערפּער. דאָס זעלבע געפינען זיך אויך אין דער ערד לעבער, אויבערשטע און אונטערשטע, דורך וועלכע זי ווארפט ארויס די שמוץ. די ערד האָט אָבער אין זיך פיעלע לעבער. דאָס זיינען די שפייענדע בערג, דורך וועלכע זי שפייט אויס איהר קער־

פערליכען שמוץ, דען אזוי ווי זי האָט פיעל קעפּ מוז זי דאָך האָבען פיעלע מאָגענס, וועלכע קאָכען איבער איהר שפּייז. די מאָגענס פון דער ערד האָבען אויך פּייפּס מיט טרייבעלעך, אזוי ווי דער מענשליכער קערפּער. דאָס זיינען די טייכען און מינעראַלען, וועלכע געפינען זיך אין די קערפּערס פון דער ערד און האַלטען אויף איהר עקזיסטענץ.

אויף אזא אופן מוזען מיר אנערקענען, אז די ערד זעלבסט, כאָטש זי איז איין גרויסע בעשעפעניש, בעשטעהט פון פיעלע פערשיעדענע קערפּערס, וואָס יעדער פון זיי האָט דאָס געשטאַלט פון א בעזונדער בעשעפעניש, וואָס מיר מענשען קענען ניט אָפּ־מעלדען, ווי יעדערע פון זיי זעהט אויס. דארום איז גאָר קיין וואונדער ניט וואָס יעדער טהייל פון דער ערד האָט פּראָדוצירט זיינע בעזונדערע לעבעדיגע בעשעפענישען און וואָס בלויז איין טהייל פון זיי האָט פּראָדוצירט דעם ערשטען מענשען, אָבער ניט אויף אלע איבעריגע טהיילען פון דער ערד האָט ער געקענט בע־שאפען ווערען, דען פון א פיער־פיסיגער בעשעפעניש, זאָגאר פון אן אָבעזיאַנע, קען ניט געבאָרען ווערען קיין מענש. יעדער מוטער קען בלויז געבוירען די זעלבע בעשעפעניש, ווי זי זעלבסט איז.

אויף אזא אופן לעבט די ערד ווי אלע לעבעדיגע בעשעפע־נישען, וואָס געפינען זיך אויף איהר, און זי וועט א מאָל שטארבען, ווי יעדער לעבעדיגע בעשעפעניש, וואָס לעבען און שטארבען, דען מיר ווייסען, אז יעדער זאך, וואָס האָט אן אָנפאנג, מוז האָבען אן אויסלאָז, טאָ וויבאלד די ערד האָט געהאט אן אָנפאנג, ווען זי איז בעשאפען געוואָרען, מוז זי דאָך האָבען אן ענדע, ווען זי וועט שטארבען.

### די ערד איז א נקבה.

נאָך מיין פערשטאנד, איז די ערד א נקבה, דען זי האָט דאָך געבאָרען קינדער, ד. ה. פּראָדוקטען. עס איז אמת, אז יעדע מוטער האָט קינדער ווי זי זעלבסט און די ערד האָט ניט געבוירען נאָך אן ערד ווי זי זעלבסט, דאָך מוזען מיר אנערקענען, אז זי האָט אין זיך דעם כח צו געבוירען לעבעדיגע, פליישיגע בעשעפענישען, וואָרים אויב זי וואָלט ניט געהאט דעם כח פון אלע בעשעפע־נישען, וואָס געפינען זיך אויף איהר און אין איהר, וואָלט זי דאָך ניט געקענט ארויסלאָזען דאָס אלעס, וואָס מיר זעהען אויף איהר.

די ערד, ווי אלע נקבות, האָט אויך א מאַן. פיעלייכט איז די זון איהר מאַן, אָדער אפשר איז אן אנדער פּלאַנעטע איהר מאַן.

עס איז אָבער גלייבער אָנצונעהמען, אז זי בעשטעהט פון זכר און נקבה צוזאמען. די צוועלף מזלות, וועלכע זי געהט דורך אין די צוועלף מאָנאטען פון יאָהר, ווירקען אויף איהר, זי זאָל געבוירען אזעלכע קינדער אין דעם געשטאלט פון די מזלות, דען מיר בעמערקען, אז די שטערען פון די צוועלף מזלות זיינען אויסגעשטעלט געוואָרען יעדערע נאָך דער געשטאלט פון די בעשעפענישען, וועלכע געפינען זיך אויף דער ערד (בעסער געזאָגט, בעשטעהט די גאנצע וועלט דורכאוים פון בעשעפענישען). בלויז איין בעשעפעניש איז ניט בעמערקט אין דער געשטאלט פון די מזלות. דאָס איז די פויגעל. איז ווער קען וויסען, פיעלייכט ווען מיר וואָלטען זיך שטעלען אויף א פּלאנעט פון איינער פון די צוועלף מזלות און מיר וואָלטען געקוקט פון דאָרטען אויף דער זון־סיסטעם מיט איהרע פּלאנעטען, וואָלט זי אונז פיעלייכט אויסגעזעהן ווי די געשטאלט פון א פויגעל.

די ערד, ווי אלע נקבות, האָט אויך געהאט א בעשטימטע צייט, ווען זי האָט געקענט פּראָדוצירען איהרע קינדער־פּראָדוקטען. א מענש־נקבה, צום ביישפּיעל, קען געבוירען קינדער פון דעם פופצעהנטען יאָהר ביז דעם פינף און פיערציגסטען יאָהר. די נקבות פון אנדערע לעבעדיגע בעשעפענישען געבוירען קינ־ער, ווען זיי ווערען אלט צוויי־דריי יאָהר. די ערד האָט אויך געהאט אזא צייט, ווען זי האָט געבוירען קינדער. די פּראָדוקטען־קינדער איהרע זיינען נאַטירליך געווען נאָך די אומשטענדען פון דער ערד זעלבסט, ווי אין דער גרוים אזוי אויך אין געשטאלט. דער מענש איז געווען ביי דער ערד דאָס לעצטע קינד, וואָס זי האָט פּראָדוצירט. פון יענער צייט אָן האָט זי אויפגעהערט צו האָבען קינדער, דען זי איז שוין געווען אין די עלטערע יאָהרען.

די אלע פאקטען צייגען אונז דייטליך, אז די ערד איז אויך א לעבעדיגע בעשעפעניש, ווי אלע לעבעדיגע בעשעפענישען, וועלכע געפינען זיך אויף איהר. דארום מוזען מיר אנערקענען, אז די ערד האָט אויך געהאט יונגע יאָהרען, מיטעלע יאָהרען און איצט איז זי אין די עלטערע יאָהרען.

איך זאָג, אז די ערד איז אין די עלטערע יאָהרען און אז דער מענש איז ביי דער ערד דער לעצטער פּראָדוקט, דען מיר זעהען דאָך מיט אונזערע אויגען, אז יעדער זאַך, וואָס עקזיסטירט אין דער נאטור, בעקומט איהר פאָלקאָמע טהעטיגקייט בלויז, ווען עס קומט צו דער עלטער. די פּלאנצען בעקומען זייער געשמאַק די לעצטע צייט, ווען זיי דארפען שוין אראָפּפאלען אָדער איינדארען. דער מענש קומט צו זיין רעכטען פערשטאנד אויף דער עלטער,

ווען זיינע קרעפטען און געפיהלען ווערען אלץ שוואכער און ער שטארבט אין גאנצען. דאס זעלבע איז מיט אלע וועלט־בעשעפענישען. ווי זיי בעקומען נאר זייער פאלקאמענהייט, הויבען זיי אן צו פערלירען זייער טהעטיגקייט, ביז זיי פערלירען זיך אין גאנצען.

דאס זעלבע זעהען מיר מיט די פראדוקטען פון דער ערד. די פראדוקטען, וואס זיינען געבארען געווארען שפעטער, זיינען בעסער און שעהנער פון די פריהערדיגע. דער מענש, איהר לעצטער פראדוקט, איז דערפאר דער הערשער פון אלע פריהערדיגע בעשעפענישען און פון דער ערד גופא.

אזוי ווי דער מענש איז דאך דאס בעסטע, וואס די ערד האט פראדוצירט, קען מען דערפון זעהן, אז ער איז איהר לעצטער פראדוקט און זי די ערד איז אויף די עלטערע יאהרען. דער מענש וועט עקזיסטירען אויף דער ערד אזוי לאנג ווי זי וועט לעבען.

.11

אלע מענשען, פון דעם ערשטען ביז דיעזען טאג, ווי איין מענש, וועלכער איז אין דעם עלטער פון זעקס טויזענד יאהר. דער מענש אין גן־עדן און די נביאים.

די מענשען, וויעדער, וועלכע זיינען געבארען געווארען פון יענער צייט, וואס די ערד האט ארויסגעלאזען דעם ערשטען מענשען ביז איצטיגער צייט, מוזען מיר אויך אנערקענען פאר איין מענש, וועלכער לעבט שוין נאך דעם רעכענונג פון אונזער תורה א משך פון זעקס טויזענד יאהר.

ווי די תורה שרייבט אונז, ווייסען מיר, אז ווען דער מענש איז בעשאפען געווארען, האט ער ניט געהאט קיין פערשטאנד. ער מיט זיין פרוי זיינען ביידע אומגעגאנגען הויל נאקעט, ווי קליינע קינדער, אדער ווי אלע נידעריגע פיער־פיסיגע בעשעפעניסען, און האבען זיך ניט געשעמט. מיר מוזען אבער פערשטעהן, אז דער מענש איז ניט בעשאפען געווארען קיין קליינער, ווי איצטיגע געבארענע קינדער. דער מענש איז געווען גרויס און געזונד מעהר פון אלע בעשעפעניסען, דען אויב ניט, וואלט איהם א רויב־חיה אויפגעגעסען, אדער ער וואלט געשטארבען פון הונגער. און ווי די תורה מיט דער וועלט־היסטאריע בעשרייבען, ווייסען מיר, אז זאגאר אין די צייטען פון די רוימער האבען זיך געפונען מענשען, וועלכע האבען בעזיעגט לויבען מיט זייער פויסט, טא ווי געזונד איז שוין געווען דער ערשטער מענש ? !

דער מענש, ניט האָבענדיג קיין פערשטאַנד, איז געווען אין גן־עדן און האָט געלעבט אייביג. ער האָט געגעסען פרוכט, ווי אַלע אַנדערע בעשעפעניסען. פאַר דעם מאָרגענדיגען טאָג האָט ער ניט געזאָרגט. פאַר דעם טויט האָט ער זיך ניט געשראָקען, דען ער האָט ניט פערשטאַנען, אַז יעדע בעשעפענים מוז שטאַרבען. פון לוקסוס האָט ער ניט געקלערט, טעאַטער האָט איהם ניט געפעהלט. די פרוי זיינע האָט זאָגאַר ניט געבעטען איהם קויפען דימענטענע רינגען מיט זיידענע קליידער. קען מען זיך דען פאָרשטעלען אַ בעסערען גן־עדן, ווי דער מענש האָט דאָן געהאַט, ניט האָבענדיג קיין פערדרוס פון קיין זאַך און האָבענדיג אייביגען פערגעניגען?

דער מענש איז אַזוי געווען אין גן־עדן, ביז וואַנען ער האָט פערזוכט דעם עפּעל פון וויסענשאַפט מיט פערשטאַנד. ווי דער מענש האָט נאָר בעקומען די וויסענשאַפט, איז ער ארויסגעטריבען געוואָרען פון גן־עדן, דער מענש האָט אָנגעהויבען פערשטעהן, אַז ער מוז שטאַרבען. יעדען טאָג, וואָס ער האָט אָבגעלעבט, האָט ער געוואוסט, אַז ער איז מיט אַ טאָג נעהענטער צום טויט. דאָס זעלבע איז יעדע שטונדע, יעדע סעקונדע. ער שטאַרבט אַלע ווייַלע, און אין דער זעלבער צייט, וואָס ער לעבט, שטאַרבט ער.

אָט דאָס איז די ריכטיגע מיינונג פון די ווערטער, וואָס זיינען געשריבען אין דער תורה „כי ביום אכלך מות תמות“, ד. ה., אַז אין דעם זעלבען טאָג וואָס דו וועסט עסען די פרוכט פון וויסענשאַפט, וועסטו שטאַרבען. איז דען דער מענש געשטאָרבען אין דעם זעלבען טאָג? דער שרייבער פון דער תורה האָט געמיינט, אַז אין דעם טאָג, וואָס דו וועסט בעקומען די וויסענשאַפט, וועסטו אָנ־הויבען פערשטעהן, אַז דו וועסט שטאַרבען. שטאַרבט דאָך דער מענש יעדען טאָג, דען ער האָט דאָך שוין ווענינער מיט אַ טאָג צו לעבען. אָבער בעפאָר ער האָט בעקומען דעם פערשטאַנד, האָט ער ניט געוואוסט, אַז ער וועט שטאַרבען. דאָס האָט געמיינט, אַז ער לעבט אייביג.

ער האָט זיך אָנגעהויבען שעמען פאַר זיין פרוי, פאַר זיך זעלבסט. עס איז איהם אַליין געווען אַ שאַנדע צו קוקען אויף זיינע אונטערשטע גליעדער. ער האָט גענומען בלעטער פון אַ פייגענבוים און צוגעבונדען זיי איינע צו די אַנדערע און געמאַכט אַ שירץ צו בעדעקען זיינע אונטערשטע גליעדער, זיינע אויגען זאָלען זיי ניט זעהן.

ער האָט אָנגעהויבען קלערען וועגען מאָרגענדיגען טאָג און אויסצוגעפינען מיטלען מיט וואָס צו בעזאָרגען זיך אויף דער קינפ־טיגער צייט. ער האָט זיך אָנגעהויבען שרעקען פאַר דונערען און

בליצען, צו בעשיצען זיך פון ווינט און רעגען. ער האט געזוכט א פלאץ צו בעהאלטען זיך פון זיי. מיר הארפען פערשטעהן, אז דער מענש האט זיך צום ערשטען בעהאלטען אונטער די גרויסע צווייגהאפטע בוימער, צו פערשטעלען זיך פון דער ברענענדער זון, אדער פון דונער און בליץ מיט דעם רעגען. ווי די תורה שרייבט: „ויתחבא האדם ואשתו בתוך עץ הגן". זעהענדיג אבער, אז די בוימער זיינען אויך ניט קיין זיכערער ארט צו בעהאלטען זיך, האט ער געמוזט צוקלערען א בעסער מיטעל. ער האט צונויפגעפלאכטען צווייגען פון בוימער, געמאכט זיך א געצעלט, אדער ער האט געפונען א הייל אין דער ערד און האט זיך דארטען באזעצט.

דער מענש מוז דאך אבער עסען, און ניט דאס גאנץ יאהר איז דאך פאראן פרוכט ארום דעם געצעלט, וואס ער האט זיך געמאכט. ער האט געמוזט פערזוכען די פרוכט פון אלע פלאנצען, פיעלייכט האט ער פערזוכט מאנכע גראזען אויך, אום אויסצוגעפינען וועלכע פון זיי קענען איהם נוצען צו ערנעהרען זיך מיט זיי דעם גאנצען יאהר. דער מענש האט געמוזט הארעווען און טראכטען פיעל צייט, ביז וואנען ער האט אויסגעפונען די געטריידע וואס קענען איהם שפייזען. אט דאן איז אויסגעקומען אויף איהם די קללה פון „בזיעת אפיך תאכל לחם", ד. ה., מיט די שוויים פון דיין פנים וועסטו עסען ברויט. א פריהער אויסגעפינען וועגען אקערן און זעען, דערנאך וועגען מאהלען און באקען, מיט אלע אינסטרומענטען, וואס מען דארף צו דאס אלעס. וויפיעל מיה האט איהם געקאסט און וויפיעל צייט האט ער געטראכט אויף אויסצוגעפינען די אלע זאכען. קורץ און שארף, דער מענש איז פערטראכט און פערהארעוועט טאג ווי נאכט. ער קלערט אלץ וועגען מארגענדיגען טאג. וואס מעהר ער געפינט אויס נייע ערפינדונגען, אלץ מעהר קלעהרט ער ווי אויסצובעסערען זיין לעבען און פערזיכערען זיין שפעטערסטע צייט. ער איז ארויסגעטריבען געווארען פון גן־עדן, דען ער האט געגעסען די פרוכט פון וויסענשאפט. צוויי מלאכים מיט בלאנקע שווערדען שטעהען ביים גן־עדן און לאזען איהם ניט עסען די פרוכט פון׳ם לעבענס־בוים: דאס זיינען זיינע צוויי געדאנקען „יע" און „ניין". זאל ער דאס יע טהאן אדער ניט. דער מענש האלט אין איין טראכטען און קלערען. ער קען ניט געניסען די פרוכט פון לעבענס בוים.

דער מענש האט געבארען קינדער, די מענשהייט האט אנגעהויבען צו פרוכפערען זיך און צו ענטוויקלען זיך, צו דיינקען און צו טראכטען. די ערשטע געדאנקען זיינען געוועזען וועגען „גאטהייט"

זיי האבען געזעהען, אז די זון שיינט ביי טאג, די לבנה מיט

די שטערען — ביי נאכט. מיט אמאל פארדעקט א שווארצער וואלקען דעם גאנצען הימעל, עס ווערט פינסטער. ניטא די זון ביי טאג און די לבנה מיט די שטערען ביי נאכט. פון דעם וואלקען צינדט זיך אן דער גאנצער הימעל. באלד נאך דעם בליץ גיט א קלאפ א שטארקער דונער. פיעל מאל האט זיי געטראפען צו זעהן, ווי דער בליץ האט איינעם געטויט. ניט וועלענדיג, האבען זיי געמוזט אנערקענען, אז דער בליץ מיט דעם דונער זיינען בייזע געטער. זיי האבען אבער געזעהען אז דער רעגען, וואס גיסט אין דער צייט ווען עס דונערט און בליצט, טרינקט אן די ערד און דערפון וואקסען אלע פלאנצען. דער הימעל ווערט קלאהר און די זון מיט דער לבנה שיינען ווידער. אויב אזוי, האבען זיי אנגעהויבען צו פערשטעהן ,אז דער וואלקען מיט די דונערען און רעגען זיינען ניט קיין געטער, בלויז עס איז דא אן אנדער גאט, וועלכער מאכט דאס אלעס. מיר מוזען אבער פארשטעהן, אז ניט אלע מענשען פון יענער צייט האבען געהאט איין און דעם זעלבען מיינונג וועגען די גאט־הייט. יעדער פון זיי האט ערקלעהרט נייע ערפינדונגען, ווי אינזער תורה דערצעהלט אונז, אז אין דער צייט פון דעם מאן „אנוש“, וועלכער איז געווען אן אייניקעל פון דעם ערשטען מענש, האבען די מענשען אנגעהויבען רופען דעם נאמ פון אלע געטער מיט דעם נאמען „הויה“, ווי עס איז געשריבען: „אז הוחל לקרא בשם הויה“, וועלכעס האט די בעדייטונג: דאס וועזען, דאס זיין און דאס ווערען, דאס הייסט, דאס וואס איז אלע מאל געווען און האט ניט קיין אנפאנג; דאס וואס איז פאראן איצטער, און דאס וואס עס ווערט פון דאס וואס איז פאראן, יעדע זאך וואס עס טרעפט אין דער וועלט, סיי גוט און סיי שלעכט, גליקליך אדער אומגליקליך, אלץ רופט זיך מיט דעם זעלבען נאמען „הויה“. פון דעם גאט ווערען קלענערע און נאך קלענערע, ביז גאר דעם קלענסטען גאט, אדער ווי מיר אידען רופען דאס „מלאך“. דער זעלבער גאט „הויה“ איז געבליבען דער אידישער גאט פון דער צייט וואס זיי זיינען ארויס פון מצרים ביז היינטיגען טאג. דען ווען משה האט גע־פרעגט זיין נאמען, האט ער איהם בעפאר געזאגט „אהיה אשר אהיה“ — איך בין ווער איך בין. אבער דערנאך האט ער איהם געזאגט, אז ער איז דער גאט „הויה“, וועלכער אברהם, יצחק און יעקב האבען אנערקענט פאר א גאט. דאס זעלבע שרייבט אונז די תורה וועגען א מאן „חנוך“, וועלכער האט געהאט אזא גרויסען געפיהל אין די גאטהייט, אז גאט האט איהם צוגענומען און ער איז ניט געווארען.

דער מענש ווערט עלטער, ער געפינט אויס נייע ערפינדונגען.

אין דעם זיבעטען דור פון דעם ערשטען מענש האָבען די מענשען אויסגעפונען די קונסט פון שמיעדעריי מיט מוזיק. אין דעם צעהנטען דור, ווען גאָט האָט געבראַכט דעם מבול, וועלכער האָט פערטרונקען אַלע לעבעדיגע פון דער ערד, האָט זיך שוין געפונען אַ מענש „נח“, וועלכער האָט זאָגאַר אויפגעבויט אַ שיף, אין וועלכער ער האָט גערעטעט זיין גאַנצע פאַמיליע מיט אַלע מינים לעבעדיגע באַשעפעניסען, וועלכע עקזיסטירען איצט. מיט אַזאַ אופן מוזען מיר אַנערקענען, אַז דער מענש „נח“ איז דער פאָטער פון אַלע מענשען, וואָס געפינען זיך אויף דער גאַנצער ערד.

דער מענש ענטוויקעלט זיך. ער ווערט עלטער. זיין ענטוויקלונג בעשטעהט אָבער ניט אין איין זאַך. יעדער מענש האָט איין און די זעלבע געפיהלען מיט וואָס צו אויסבעסערען זיין עקזיסטענץ. אָבער יעדער מענש האָט ביי זיך אַ בעזונדער טאַלאַנט, מיט וועלכען ער שטעהט העכער פון אַלע אַנדערע מענשען. איינער האָט אַ טאַלאַנט אין זינגען, דער צווייטען אין אויסגעפינען מעטאַלען, ווי גאָלד און זילבער; דער דריטער אין דער נאַטור־פאָרשונג; דער פיערטער אין שטערען זעהן, די זון מיט איהרע פּלאַנעטען; דער פינפטער אין די גאָטהייט א. אז. וו. אָבער טראָץ דעם וואָס די געטליכע וויסענשאַפט שטעהט העכער פון אַלע אַנדערע וויסענשאַפטען און חכמות, דאָך האָט יעדער מענש אַ געפיהל צו וויסען די גאָטהייט, און יעדער מענש זאָגט זיין מיינונג אין די גאָטהייט, אַנשטאָט דעם וואָס אין די איבעריגע חכמות האָט ער, אויסער זיין טאַלאַנט, קיין בעגריף ניט. דער מוזיקער האָט ניט קיין בעגריעף אין מעדיצין; זיי ביידע האָבען ניט קיין בעגריעף אין אַסטראָנאָמיע א. אז. וו. דאָס איז אונז אַ ריכטיגער בעווייז, אַז יעדער מענש האָט אין זיך אַ טייל פון גאָטהייט. מיט אַזאַ אופן מוזען מיר אַנערקענען, אַז דער מענש האָט קיין מאָל ניט אויפגעהערט צו קלערען וועגען די גאָטהייט. מיר ווייסען, אַז יעדע זאַך וואָס מען קלערט מעהר וועגען איהר, אַלץ מעהר פערשטעהט מען זי. דער מענש האָט אָבגעלעבט צוויי טויזענד יאָהר, דאָס איז אַ דריטעל יאָהרען פון דעם מענשליכען עקזיסטיהען אויף דער ערד. די ענטוויקלונג פון די מענשהייט האָט שוין ערגרייכט איהר פאָלקאָמען זינען. דאָס זעלבע ווי די ענטוויקלונג פון דעם איינצעלנעם מענשען, ווען ער ווערט אַלט דרייסיג יאָהר. דאַן איז געבוירען געוואָרען דער גרויסער און ערהאבענער מאַן „אברהם“, דער אברהם האָט אויסגעפונען אַז די גאַנצע פילאָזאָפיע וועגען גאָטהייט, וועלכע די מענשען האָבען ערקלעהרט ביז זיין צייט, איז פאַלש. ער האָט אויסגעפונען אַז בלויז איין גאָט איז דאָ, וועלכער האָט אַלץ בע־

שאפען און הערשט אויף אלץ. ער שפייזט אלעמען און האלט אויף די גאנצע וועלט־עקזיסטענץ. דאס איז דער גאט, וועלכען מיר רופען ביז דיעזען טאג „הויה", וועלכער האט זיך נאך דעם גערעכענט ביי אלע אנדערע נאציאנען פאר דעם גאט פון די „עברים". ווי ער האט געזאגט זיין קנעכט „ואשביעך ב„הויה" אלהי השמים ואלהי הארץ". מיר מוזען אבער פערשטעהן, אז אברהם האט גע־האט פיעל געגנער, וועלכע זיינען אויך געווען מיט גרויסע געפיהלען אין דער גאטהייט. דען די צייט פון דעם מענשליכען עלטער איז דאך די זעלבע פאר אלע מענשען וועלכע עקזיסטירען דאן. ווי די תורה שרייבט אונז וועגען דעם גרויסען מאן „לבן", וועלכער האט געהאט תרפים, דורך וועלכע ער האט אלץ געקענט וויסען. דען ווען זיין טאכטער רחל האט זיי גע׳גנב׳עט, ווען זי איז אנטלאפען פון איהם מיט איהר מאן יעקב׳ן, איז לבן נאכגעלאפען און געשריען: „וואָרום האסטו גע׳גנב׳עט מיין גאט". פון די ווערטער, וועלכע זיינען געשריבען אין דער תורה וועגען דיעזער ערצעהלונג „ותגנב רחל את התרפים אשר לאביה", ד. ה. רחל האט גע׳גנב׳עט די תרפים, וועלכע ביי איהר פאטער, מוזען מיר אנערקענען, אז די תרפים זיינען דאמאלס געווען א געוועהנליכע זאך, אבער בלויז איינצעלנע מענשען האבען דאס געקענט מאכען. די תרפים האבען די מענשען בענוצט מעהר פון טויזענד יאהר. דען דער נביא „הושע", וועלכער איז געווען מיט צוועלף הונדערט יאהר שפעטער פון לבן׳ען, האט געזאגט „כי ימים רבים ישבו בני ישראל.... ואין אפוד ותרפים" (הושע ג׳), ד. ה. — פיעל צייטען וועלען זיין וואס די אידען וועלען ניט האבען קיין אפוד און תרפים. דאס צייגט אונז אז אין דער צייט פון דעם נביא הושע זיינען זיי נאך געווען.

פיעלע געלערענטע מענשען פון יענע צייטען האבען געוואוסט פון דעם סיקרעט ווי צו אייגריכטען דעם אפוד. ווי מיר געפינען, אז דער מאן „מיכה", וועלכער האט געלעבט אין פינף הונדערטען יאהר שפעטער זינט די אידען האבען איינגענומען ארץ ישראל, האט אויך געמאכט אן אפוד מיט תרפים, טראץ דעם וואס ער איז ניט געווען קיין כהן. שאול, דער ערשטער קעניג פון די אידען, האט צו׳הרג׳עט פינף און אכציג כהנים, וועלכע האבען געטראגען יעדערער ביי זיך אן אפוד, בלויז איינער פון זיי האט זיך גערע־טעט און איז אנטלאפען צו דוד׳ן מיט אן אפוד, מיט וועלכען דוד האט זיך באנוצט צו וויסען אלץ וואס שאול, זיין פערפאלגער קלערט צו טהאן איהם. און דורך דעם אפוד האט זיך דוד גערעטעט פון שאול׳ן ער זאל איהם ניט טויטען. יעדער מאהל וואס דוד האט

געפרעגט ביי אפוד איז געשריבען, אז ער האט געפרעגט ביי גאט.

אָה, ווי גליקליך וואָלט דער מענש געווען ווען מיר וואָלטען איצטער געקאָנט אויסגעפינען אזא סאָרט אפאראט, דורך וועלכען מיר זאָלען קענען וויסען אלץ. פון וויפיעל אומגליקען וואָלט ער אונז פערהיט ? וויפיעל געלט וואָלט ער אונז איינגעשפּאָרט ?

דאָס האָבען אָבער געוואוסט די אורצייטיגע, ניט ציוויליזיר־טע מענשען. איצטיגע מענשען זיינען אָבער געלערענטע און גע־בילדעטע, זיי געפינען אויס מאשינען מיט וועלכע צו העלפען דעם טייפעל צו פערניכטען דעם מענשען, ניט ווי פאַרצייטען, איינציג־ווייז, נור צעהנדליגער טויזענדער מיט איין קלאַפּ. אָט דאָס הייסט חכמים ציוויליזירטע פונ'ם צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט.

דאָס איז, נאָך מיין מיינונג, אין דער צייט וואָס דער מענש איז שוין אין דער עלטער פון זעקס טויזענד יאָהר. אָבער אין דער צייט פון אונזער פאָטער אברהם'ען, ווען דער מענש איז געווען אין דער רעכטער יוגענד, אין עכט לעבען שטאַנד, האָבען זיינע געפיהלען געטראָגען איהם אין דער הויך, צו אויסגעפינען די ריכ־טיגע גאָטהייט. געוועהנליך, ווענען וואָס דער מענש גיעבט זיך איבער מיט זיינע געדאַנקען, אַלץ מעהר ערקלערט ער נייע ערפינ־דונגען. די ערפינדונגען זייערע זיינען בעשטאַנען איבערהויפּט צו אויסגעפינען דעם פערבאַנד פונ'ם מענש מיט דער וועלט נאַטור און מיט וואָס ער זאָל קענען האָבען א ווירקונג אויף די גאָטהייט, צו מאַכען זיך גליקליך ניט בלויז אין דעם ערדליכען לעבען, נור אויך אין דעם הימעלשען לעבען, דאָס הייסט נאָך'ן טויט.

צום בעדויערען, אָבער, האָבען זיי ניט געקאָנט איבערגעבען זייערע ערפינדונגען שריפטליך, אז די וויסענשאַפט זאָל בלייבען א ירושה צו זייערע קינדער אויף אייביג. מיר, מענשען פון דער איצטיגער צייט, קאָנען מעהר ניט וויסען פון זיי דאָס, וואָס מיר לעזען אין דער היסטאָרי פון אונזער תורה און נביאים, וועלכע האָבען אונז געשריבען אין אַלגעמיין, אז דאַן האָבען עקזיסטירט אַזעלכע חכמות פון וועלכע מיר קאָנען גאָר קיין בעגריף ניט האָ־בען. קיין בעסערע, קיין ריכטיגערע און קיין פריהערדיגע היסטאָרי האָט אונז די מענשהייט ניט איבערגעלאָזען פון די אוראַלטע ציי־טען. מיר קאָנען בלויז פערשטעהן פון די שטומע פראזען, וועלכע זיינען געשריבען אין אונזער תורה אין וואָס פאַר א שטופע פון קולטור האָט געהאַלטען די מענשהייט פון יענער צייט.

זעלבסטפערשטענדליך האָבען אַלע מענשען פון יענער צייט באשטימט, אז אַזעלכע מענשען ווי לבן האָבען אויסגעפונען די ריכ־

טיגע גאָטהייט, ווייל דער המון איז דאָך איבערהויפּט אַלע אומ־ווּיסענדע מענשען. זאָגאר איצטיגע צייט, ווען אַלע מענשען פון דער וועלט זיינען געלערנטע, זיי לעזען אַלע וויסענשאַפטליכע ביכער פון אַלער אַרט וויסענשאַפט, איז וויפיעל ווערט איהר גע־פינען וואָס פאַרשטעהען די גאָטהייט. ווענען אַרט דאָס, ווענען אינטערעסירט דאָס?

עס עקזיסטירען איצט אוניווערזיטעטען און קאָללעדזשעס פאַר די מענשען, וועלכע גיבען זיך אָפּ צו לערנען פילאָזאָפיע. אָבער זיי ווייסען אויך די פילאָזאָפיע בלויז פון דער צייט וואָס די גרי־כישע פילאָזאָפען האָבען געלעבט, ווי סאָקראַט, פיטאַגאר, פּלאַטאָן א. ד. גל. ביז דער פילאָזאָפיע פון דער איצטיגער צייט. די פי־לאָזאָפיע לערנט זיי מעהר נישט ווי צו פאַרשטעהן די נאַטור פון דער וועלט, אָבער ניט די גאָטהייט, וואָס נאָך מיין מיינונג, בעשטעהט די גאַנצע פילאָזאָפיע בלויז צו וויסען די גאָטהייט. אויב עס איז דאָ בעלאָהנונג פאַר דעם וואָס טהוט גוטס, און שטראָף פאַר דעם וואָס טהוט שלעכטס. צי איז פאַראַן מלאכים גייסטיגע גוטע און שלעכטע, ווי עס איז געשריבען אין אונזער תנ״ך, און צי איז דאָ א גאָט וואָס ציילט די טריט פון יעדען מענשען און הערט די ווער־טער וואָס ער רעדט? אָט דאָס הייסט די ריכטיגע פילאָזאָפיע. אָט די פילאָזאָפיע האָבען געלערענט אונזערע אורעלטערען. האָבען דען אונזערע אורעלטערן זיך פאַרגעשטעלט אזעלכע פאַנטאַזיעס, אַז זיי זעהען מלאכים און ריידען מיט גאָט, אָדער דאָס איז אַלץ געווען אין דער ווירקליכקייט? אזעלכע וואונדערליכע גייסטיגע ער־שיינונגען וועלכע מיר לעזען אין אונזער תנ״ך זעהען מיר, אז דאָס האָט ניט פּאַסירט מיט איין מענשען אין א באַשטימטער צייט, ווי מיר לעזען אין די ביכער פון די געזעצגעבער און פּראָפעטען פון אַנדערע פעלקער, ווי דעם ברית חדשה מיט דעם אלקאראַן, וועלכע מיר קאָנען זאָגען אז דאָס איז בלויז אַן אויסגעטראַכטע ערצעהלונג פון איין מענש, וועלכער האָט נאָכגעקאָפּירט איין פּראָפעט פון אונזער תנ״ך מיט די זעלבע טהאַטען און וואונדער וואָס דער פּראָ־פעט האָט געוויזען אין זיין לעבען.

אונזער תנ״ך איז א היסטאָרי, וועלכע האָט זיך געצויגען מעהר פון צוויי טויזענד יאָהר, און ניט מיט איין מענשען בלויז, נור מיט טויזענדער מענשען. קענען מיר דען זאָגען, אַז די אַלע מענשען האָבען געהאַט אין זיך איין און די זעלבע פאַנטאַזיע, מיט אזעלכע ערהאַבענע געדאַנקען? יעדער פּראָפעט בעשרייבט די היסטאָרי פון זיין צייט, אין דער העברעאישער שפּראַך. און דאָך זעהען מיר דעם אונטערשיעד אין דער לאָגיק פון זייער שפּראַך.

אונזערע אורעלטערען, אין דער צייט וואָס אונזער פאָטער אברהם האָט געלעבט, האָבען נאָך ניט געוואוסט פון שרייבען. ער האָט איבערגעגעבען זיינע אידעען צו זיין זוהן יצחק'ן מינדליך, אָבער ניט שריפטליך. דאָס זעלבע האָט יצחק איבערגעגעבען זיין זוהן יעקב און יעקב צו זיינע זיהן.

מיר דאַרפען אָבער פאַרשטעהן, אַז די איבעריגע גרויסע קעפּ מענשען פון יענער צייט, וועלכע זיינען געווען געגען אברהם'ס אידעע, און האָבען געהאַט פיעל מעהר אָנהענגער ווידער אונזער פאָטער אברהם, האָבען אויך איבערגעגעבען זייערע אידעען און וויסענשאַפט צו זייערע נאָכפאָלגער. זיי האָבען אָבער געגרינדעט אַקאַדעמיעס, אין וועלכע עס פלעגען זיך לערנען פיעלע יונגע לייט מיט גרויסע געפיהלען, וועלכע האָבען שטודירט זייער וויסענשאַפט, צו ערקלעהרען די ריכטיגע גאָטהייט נאָך זייערע אידעען*), ווען אין דער זעלבער צייט איז אונזער פאָטער יעקב מיט זיינע זיהן געקומען אין מצרים, וואו זיי זיינען פערשקלאַפט געוואָרען, ניט נור האָבען זיי ניט געקענט גרינדען אַקאַדעמיעס צו ענטוויקלען און פערעפענטליכען די אידעען פון זייערע עלטערען. דאַרום לעזען מיר אין אונזער תורה וועגען די חרטומים, וועלכע זיינען געווען אין מצרים, און זייער גרויסע וויסענשאַפט אין די גאָטהייט, אַז זיי האָבען אויך געקאָנט מאַכען דאָס זעלבע וואָס אונזער פאָטער פון אַלע נביאים, משה, האָט געמאַכט. די וויסענשאַפט פון די חרטומים מיט זייערע אידעען וועגען די גאָטהייט, האָט אונז קיין אַלטע היסטאָרי ניט איבערגעלאָזען, בלויז דער שרייבער פון אונזער תורה דערמאָנט זיי אין אַלגעמיין, צוליעב דעם האָס מיר זאָלען וויסען דעם אונטערשיעד פון זייערע פאַלשע אידעען וועגען די גאָטהייט, ביז די ריכטיגע גאָטהייט וועלכע האָט זיך געפונען ביי אונזערע עלטערען. דאַרום שרייבט אונזער תורה, אַז די חרטומים פון מצרים האָבען זאָגאַר ניט געקענט פאַרשטעהן די בעדייטונג פון דעם חלום, וואָס פּרעה'ען, דעם קעניג פון מצרים, האָט זיך געחלומ'ט. בלויז יוסף, וועלכער האָט געלערענט די גאָטהייט פון זיין פאָטער יעקב'ען, ער האָט ריכטיג פערשטאַנען די בעדייטונג פון זיין חלום. אגב אורחא דערצעהלט אונז די תורה וועגען די מצרישע דאָקטוירים, אַז זיי האָבען באַלזאַמירט אַ טויטען מענשען און פערשטיינערט איהם, ער זאָל בלייבען גאַנץ אין דעם זעלבען געשטאַלט ווי ווען ער איז געווען אַ לעבעדיגער. ווי עס צייגען אונז דייטליך די מו־

*) ווי מיר לעזען דאָס וועגען די חרטומים וואָס זיינען געווען אין מצרים. זיי זיינען זאָגאַר געווען אָפּגעזונדערט פון אַלע מענשען.

מיעס, וועלכע מ'געפינט איצט אין עגיפּטען. געוועהנליך, האָט דער באַלזאַמירען אויך געהאַט אַ פערבאַנד מיט די גאָטהייט, דען זיי האָבען געגלויבט אין תחית המתים. ביי זיי איז אויך געווען באַשטימט, אז די טויטע וועלען אַמאָהל צוריק לעבעדיג ווערען.

האָט איהר דאָס געלעזען אין אַן אַנדער היסטאָרי, אז די מצריים האָבען געמאַכט מומיעס? וויפיעל טעג האָבען זיי געדאַרפט ליעגען?

דער מענש איז געוואָרען עלטער. די געפיהלען מיט די אידעען פון אונזערע אורעלטערען, כאָטש זיי האָבען ניט איבערגעלאָזען זיי שריפטליך צו זייערע קינדער, דאָך זיינען זיי ניט פערלאָרען געגאַנגען. די געפיהלען בלייבען אין זייערע קינדער, ביז ווען עס קומט די צייט און עס וואַקסט אויס אַ גרויסער מענש מיט גאָר גרויסע געפיהלען. דער מענש איז געקומען צו דער עלטער פון דריי טויזענד יאָהר. עס איז געבוירען געוואָרען דער גרעסטער פילאָזאָף, דער פאָטער פון אונזערע נביאים, משה, וועלכער האָט געעפענט די אויגען פון אַלע מענשען צו זעהען די ריכטיגע גאָטהייט. דאַן האָט זיך אָנגעהויבען ביי דער מענשהייט אַ נייע עפּאָכע, אַן עפּאָכע פון נביאים. דאָס איז געווען ביי די מענשהייט די רעכטע מיטעלע יאָהרען. דאָס זעלבע ווי דער איינצעלנער מענש, ווען ער קומט אין דעם עלטער פון פערציג ביז פופציג יאָהר, ווען ער באַקומט דעם ריכטיגען פערשטאַנד.

נאָך מיין מיינונג איז די נביאות ניט געווען קיין וויסענשאַפט, וועלכע איינער האָט געקענט לערנען דעם צווייטען ווי צו זיין אַ נביא. די נביאות איז צו זיי געקומען אינסטינקטיוו, פון זיך זעלבסט, דאָס זעלבע ווי דער פאַרשטאַנד פון דעם איינצעלנעם מענשען, ווען ער ווערט אַלט פיערציג יאָהר. עס פערלירען זיך ביי איהם די פאָריגע יונגע געפיהלען מיט דעם פערשטאַנד, און אויף זייער אָרט בעקומט ער אַ העכערען פערשטאַנד מיט נייע געפיהלען. קענען מיר דען זאָגען, אז דער מענש לערענט זיך ווי צו בעקומען די נייע געפיהלען מיט דעם העכערען פערשטאַנד? ניין, דאָס קומט אין דעם מענשען אינסטינקטיוו. פון דעם ערשטען טאָג וואָס דער מענש ווערט געבוירען הויבען זיך אָן צו ענטוויקלען זיינע געפיהלען מיט'ן פערשטאַנד. יעדען טאָג בעקומט ער נייע און פרישע געדאַנקען און די פאָריגע, די יונגע, פערלירען זיך ביי איהם. זאָגאַר די געשטאַלט זיינע בייט זיך אום יעדען טאָג, ביז ווען ער קומט צו די עלטערע יאָהרען. דאַן הויבט ער אָן צו פערליערען זיין געפיהל מיט אַלע זיינע פעהיגקייטען ביז די ענדע פון זיין לעבען. דאָס זעלבע איז מיט יעדען פאָלק, ביי וועלכען עס עק־

זיסטירט א קייזערטהום. יעדער פאָלק האָט יונגע יאָהרען, מיטעלע יאָהרען און עלטערע יאָהרען. דאן פערליערט עס זיך אין גאנצען און בעקומט א רעפובליקאנישע רעגיערונג. דאָס טרעפט בלויז אין איצטיגע צייטען, ווען דער מענש איז ציוויליזירט און איין פאָלק זעהט צו פערהיטען האָס צווייטע, אז עס זאָל ניט אונטערגעהן אין גאנצען. אָבער אין די פארצייטיגע יאָהרען, ווען דער מענש איז ניט געווען ציוויליזירט, האָט פאסירט זעהר אָפט, אז איין פאָלק האָט איינגעשלונגען דאָס צווייטע. נור אויב דאָס פאָלק איז געבליבען זיצען אויף איהר זעלבען באָדען און האָט זיך ניט צומישט מיט דאָס פאָלק פון די זיעגער, האָבען זיי זיך געקענט צוריק אָפּלעבען, אָבער ווען דאָס פאָלק איז פערטריבען געוואָרען פון איהר לאנד, איז עס אין גאנצען געשטאָרבען. ווי מיר זעהען דאָס פאַקטיש, אז פון אלע אוראלטע פעלקער איז געבליבען בלויז דאָס אידישע פאָלק, און אלע איבעריגע פעלקער זיינען אָפּגעמעקט געוואָרען פון דער ערד, אויסער די כינעזער, ווייל זיי זיצען אין א פערוואָרפענער לאנד, וועלכע קיין אנדער פאָלק האָט ניט געהאט קיין אינטערעס צו באזיעגען זיי.

האָבען אָבער ניט געהאט די אוראלטע, אָפּגעשטאָרבענע פעלקער אזעלכע יאָהרען, ווען זיי האָבען בעזיעגט די איבעריגע פעלקער און האָבען זיך גערעכענט די גליקליכסטע אין דער וועלט? קענען מיר דען זאָגען, אז זיי האָבען דאָס געלערענט ווי צו זיעגען און ווי צו זיין מעכטיגער? אויב אזוי, האָבען דאָך יענע פעלקער געדארפט ווערען וואָס מעהר שטארקער, דען זיי האָבען דאָך בעקומען מעהר ערפאהרונג. און דאָך זעהען מיר, אז עס האָבען גאר אויסגעוואקסען נייגעבוירענע פעלקער און האָבען פערניכטעט די פאַריגע ערפאהרענע פעלקער.

דאָס אלץ איז אונז א ריכטיגע איבערצייגונג, אז א גאנץ פאָלק איז גלייך ווי איין איינצעלנער מענש. זי האָט יונגע יאָהרען, מיטעלע יאָהרען און אלטע יאָהרען. דאָס קומט צו איהר אינסטינקטיוו פון זיך זעלבסט. אָבער ניט זי איז מעהר געלערענט. ווען עס קומט די צייט פון דעם פאָלק'ס מיטעלע יאָהרען מוז עס זיעגען געגען אלע אלטע אָפּגעלעבטע פעלקער.

דאָס זעלבע איז מיט דער מענשהייט פון דער גאנצער וועלט. די מענשהייט האָט אויך געהאט יונגע יאָהרען און מיטעלע יאָהרען. דאָס קומט צו דער מענשהייט אינסטינקטיוו. אין דער צייט וואָס דער ערהאבענער און דער גרעסטער פון אלע נביאים, משה, איז געבוירען געוואָרען, איז די מענשהייט געקומען צו די מיטעלע יאָהרען. דאן האָט זיך אָנגעהויבען ביי די אידען די עפּאָכע פון

די נביאים. די עפּאָכע איז אָבער ניט געקומען מאָמענטאַל, דאָס זעלבע ווי דער מענש קומט ניט צו זיין פיערציג יאָהריגען פער־שטאַנד מיט אמאָל. ווי מיר לעזען אין אונזער תורה, אז ניט בלויז אונזערע אור עלטערען אברהם, יצחק און יעקב האָבען גע־זעהען מלאכים און גערעדט מיט גאָט, זאָגאַר אברהם׳ס דיענסט הגר, אבימלך דער קעניג פון פלישתים און לבן ווען ער איז נאָכ־געלאָפען נאָך יעקב׳ען האָט אויך גערעדט מיט גאָט.

משה זעלבסט שרייבט אין אונזער תורה וועגען דעם ערהאָ־בענעם מאן בלעם, וועלכער האָט אויך גערעדט מיט גאָט, און האָט געקענט פערניכטען א גאַנץ פאָלק בלויז מיט דעם, וואָס ער האָט איהם געשאָלטען. דאָס זעלבע האָט ער געקענט גליקליך מאַכען א גאַנץ פאָלק, ווען ער האָט איהם געבענשט. דאָס צייגט אונז, אז די נביאות האָט עקזיסטירט ניט בלויז ביי די אידען, נור ביי אַלע מענשען פון דער וועלט גלייך. דעם אונטערשיעד פון די אידישע נביאים ביז די נביאים פון אַנדערע פעלקער קען איך ניט פער־שטעהן. אייגס, ווייל איך האָב ניט דעם געפיהל פון נביאות, צווייטענס, גלויב איך, אז די נביאים זעלבסט האָבען דאָס אויך ניט פערשטאַנען. יעדער פון די נביאים, סיי די ריכטיגע אידישע נביאים און סיי די פאַלשע, האָבען ביי זיך גערעכענט, אז זיי האָ־בען די ריכטיגע נביאות, און זיין געגנער איז פאַלש. נאָך משה׳ס טויט האָט גערעדט גאָט מיט זיין נאָכפאָלגער יהושע. זאָגאַר פרויען זיינען געוועזען וועלכע האָבען גערעדט מיט גאָט און מלאכים, ווי דבורה, שמשון׳ס מוטער, און חולדה.

אָבער ניט אַלע מענשען, וואָס האָבען געזעהען מלאכים און גערעדט מיט זיי זיינען געוועזען נביאים, און ניט אַלע נביאים האָ־בען געזעהען מלאכים. די ערשיינונג פון זעהען מלאכים און ריידען מיט זיי האָט געטראָפען מיט איינפאַכע מענשען. הגר, אברהם׳ס דיענסט האָט גערעדט מיט מלאכים; לוט, אברהם׳ס פלימעניק; גדעון, שמשון׳ס מוטער און פאָטער. די אַלע האָבען גערעדט מיט מלאכים כאָטש זיי זיינען ניט געוועזען קיין נביאים. מיר מוזען אָבער פערשטעהן, אז נאָך פיעל מענשען פון יענע אור אַלטע צייטען האָבען געזעהען מלאכים, וועלכע די שרייבער פון אונזער תנ״ך האָבען ניט געפונען פאַר נויטיג צו שרייבען וועגען זיי, ווייל דאָס האָט ניט בעלאַנגט צו דער אידישער היסטאָרי. דען די שריי־בער פון אונזער תנ״ך האָבען געשריבען בלויז די פּאַסירונגען, וועל־כע פערנעהמען א טהייל אין דער אידישער היסטאָרי. די ער־שיינונג פון מלאכים צו די אור אַלטע מענשען איז אָבער געוועזען פערשיעדען. אברהם, יצחק און יעקב האָבען זיי געזעהען אָפט,

ביי זיי איז דאָס געווען אַ געוועהנליכע ערשיינונג, אָבער די איבעריגע האָט דאָס געטראָפען איין מאָל אין זייער לעבען.

די נביאים, וויעדער, שרייבט אונזער תנ"ך, אז זיי זיינען אויך געווען ניט גלייך. דער אמת'ער, ריכטיגער נביא האָט בעקומען דעם גייסט פון די נביאות ווען ער איז געווען מיט זיין פאָלמעכטיגען וויסען און פערשטאַנד, ווען איינער איז צו איהם געקומען פרעגען אָדער בעטען האָט ער איהם באַלד געענטפערט, ער האָט זאָגאר געוואוסט איידער מען איז געקומען צו איהם, אז צו איהם וועט קומען אַ מאַן פרעגען וועגען דער באשטימטער זאַך, און האָט געוואוסט דעם ריכטיגען ענטפער ווי „שמואל", „אחיה" מלכים א' י"ד און „אלישע", מלכים ב' ו'. אזא נביא האָט זיך גערופען מיט דעם נאָמען „נביא". ער איז געווען דער משפיע. ביי אזא נביא האָבען זיך געפונען פיעל תלמידים אויף וועלכע ער האָט געווירקט מיט זיין גרויסען גייסט צו מאכען זיי אויך פאר גייסטיגע, ביז ווען זיי פלעגען אויך ווערען פאָלקאָמע נביאים, בלויז ניט אויף אַלע תלמידים גלייך האָט געווירקט זיין גייסט. די תלמידים האָבען זיך גערופען „בני נביאים." ווען צו זיי פלעגט קומען דער גייסט פון נביאות פלעגען זיי ווערען וואהנזיניג. זיי פלעגען פאלען צו דער ערד, אראָפּוואַרפען פון זיך די קליידער און הויל נאַקעט פלעגען זיי ריידען זייערע נביאות. (שמואל א' י"ט.) און דארום האָבען די אידען גערופען זיי משוגעים. מ'האָט זיי ניט גערעכענט פאר קלאָרע, פערשטענדיגע מענשען. עס פלעגט טרעפען, אז ווען דער נביא דער משפיע פלעגט דארפען טהאָן אַ גרויסע זאַך ביי די אידען, פלעגט ער שיקען איינעם פון זיינע תלמידים. געוועהנליך פלעגט ער איהם געבען אינסטרוקציעס ווי ער זאָל זיך באַנעהן צו אויספיהרען זיינע שליחות.

טראָץ דעם וואס ביי אידען זיינען געווען אזעלכע ערהאבענע מענשען, וועלכע האָבען געהאט אין זיך אזעלכע גרויסע געפיהלען, ווי צו ריידען מיט גאָט, און זאגען פאראויס וואס וועט טרעפען שפעטער, דאך האָבען דערהויפט פון דער אידישער פאָלק געדיענט אנדערע געטער. ביי זיי זיינען געוועזען באזונדערע נביאים, וועלכע האָבען פראָפעצייעט אין דעם נאָמען פון זייער גאָט. און ניט בלויז דער פראסטער המון פון די אידען האָבען געגלויבט, אז די פאלשע נביאים זיינען ריכטיגע, זאגאָר די אידישע מלכים מיט די גרעסטע פיהרער פון פאָלק האָבען געגלויבט, אז יענע נביאים זיינען אמת'ע. און די ריכטיגע אידישע נביאים, וועלכע האָבען גערעדט אין דעם נאָמען פון אידישען גאָט, זיינען פאלשע. דאס איז אונז אַ ריכטיגע איבערצייגונג, אז ניט דאס וואס דער הויפט מענשען גלויבען איז

אמת. דען אמת'ע ריכטיגע מענשען זיינען אויף דער וועלט פאראן זעהר ווייניג. און די גאנצע מאסע זיינען אלע דום־קעפּ. אבער זיי בלייבען גערעכט, ווייל זיי זיינען מעהרער און שטארקער און רייכער. דארום איז גאר קיין וואונדער ניט, וואס די אומרעכטע, פאלשע מענשען הערשען אלע מאָהל אויף די ארענטליכע, גערעכטע מענשען. דאָך מוז בלייבען דער אמת ביי זיינס, ביז וואנען ער זיעגט דעם שקר. די עפּאָכע פון נביאים האָט זיך געצויגען א משך פון טויזענד יאהר, פון דער צייט, וואס די אידען זיינען ארויס פון מצרים. און די גאנצע צייט, וואס זיי זיינען געזעסען אויף זייער לאנד דעם ערשטען מאָהל, ביז דער צייט, וואס כורש מלך פרס האָט געזיעגט דעם קעניג פון בבל און האָט ערלויבט די אידען, וועלכע דער קעניג פון בבל האָט ארויסגעטריעבען פון זייער לאנד, אז זיי זאלען זיך אומקעהרען צוריק אויף זייער לאנד. אין דער עפּאָכע איז געוועזען די מענשהייט אין רעכטע מיטעלע יאהרען. דאמאָלסט האָט די מענשהייט געהאט דעם ריכטיגען פערשטאנד. דערפאר זיינען אין יענער צייט געוועזען נביאים. און מענשען, וועלכע האָבען געקענט זעהן מלאכים. דען ווי די תנ"ך היסטאָריע דערצעהלט אונז, זעהען מיר אז אין יענער צייט איז דער מענש געוועזען אזוי פיעל שטארק און געזונד, אז זיי פלעגען זאגאר טויטען לייבען און טיגערס מיט זייערע פויסטען. האָבען מיר דען איצטער אזעלכע שטארקע מענשען, וועלכע זאלען זאגאר טויטען א הונד מיט'ן פויסט? דער שוואכער מענש וואָס האָט ניט קיין פיזיישע כחות, קען ניט האָבען קיין גייסטיגע כחות. ווי מיר האָבען געשריעבען פריהער, אז זאגאר די מעכטיגע און שטארקסטע מענשען פון דער אור אלטער צייט, פלעגען אויך פאלען צו דער ערד און בלייבען וואנזיניג, ווען זיי פלעגען בעקומען דעם גייסט פון נביאות. ווי די היסטאָריע שרייבט פון דעם ערשטען אידישען מלך שאול, וועלכער איז געוועזען שטארק, ווי א ריעז, אז ער איז אויך געפאלען צו דער ערד אין אוממאכט, ווען ער האָט באקומען דעם גייסטיגען געפיהל*).

דער מענש ווערט עלטער, ער האָט אבגעלעבט נאָך טויזענד יאהר. עס ווערען אין איהם אפּגעשוואכט די פיזישע כחות, דאס זעלבע פערלירט ער די גייסטיגע כחות. בלויז ניט מיט איין מאָהל ווערען אין איהם אפּגעשוואכט זיינע כחות מיט די געפיהלען, נור ביסלעכווייז. די עפּאָכע פון נביאים איז אריבער, די מענשהייט

*) דארום איז גאר קיין וואונדער ניט, וואס מיר האָבען היינט קיינע נביאים, מיר וואלטען באַלד געשטארבען, ווען אויף אונז וואָלט זיך ערוועקען אזא גייסט, נאָך אונזערע שוואכע פיזישע כחות.

האָט פערלאָרען די כחות מיט די געפיהלען פון די מיטעלע יאהרען, האָט זי בעקומען די עפּאָכע פון תנאים.

די נביאים אונזערע האָבען אונז איבערגעלאָזען אזא אוצר מיט וויסענשאפט, וואס וויפיעל מיר שעפּען פון איהם, קענען מיר אַלס ניט קומען צו זיין גרונד. און וואס מעהר, מיר זוכען, געפינען מיר אַלץ מעהר נייע אנטיקוואר מיט נייע וויסענשאפט. עס איז גאר אונמעגליך צו זאָגען, אז א מענש זאָל דאס האָבען אין זיין אייגענעם וויסען, צו שרייבען אזא היסטאָריע, פון דעם ערשטען מאָמענט, ווען די ערד האָט אנגעהויבען צו ווערען אן ערד. די ענטוויקלונג פון דעם ערשטען מענש מיט זיינע פּאסירונגען, ביז ווען ער האָט בעקומען דעם פערשטאַנד. ווער האָט דאס געזאגט איהם, ווי דאס אַלץ האָטאַ פּאסירט און געוואָרען? די קינדער מיט די דורות פון דעם ערשטען מענש יעדערען מיט זיין נאָמען און די היסטאָריע מיט די ערפינדונגען, וועלכע יעדער פון זיי האָט אויסגעפונען און אין וועלכער צייט, די יאהרען וויפיעל יעדער פון זיי האָט געלעבט. די צייט, ווען דער מבול איז געווען, וועלכער האָט פערטרונקען אַלע בעשעפעניסען פון דער ערד. וויפיעל טעג דער רעגען האָט גע־גאָסען אויף דער ערד, וויפיעל טעג די וואסער איז צוגעקומען. די הויך פון די וואסער, וויפיעל זיי זיינען געווען איבער די הויכע בערג. וויפיעל טעג עס האָט געדויערט ביז דער צייט, וואָס די שיף האָט זיך געשטעלט אויף דעם באָדען פון בארג. דעם אָרט, או די שיף האָט זיך אָפּגעשטעלט. וויפיעל צייט עס האָט גענומען ביז ווען די גאַנצע ערד איז טרוקען געוואָרען. ווי אזוי עס זיינען גערעטעט געוואָרען די בעשעפענישען פון אַלע לעבעדיגע דורך איין מענשען, וועלכער האָט געבויט א שיף, אין וועלכער ער האָט גערעטעט אַלע מינים. דערנאָך שרייבט ער אונז, אז מעהר וועט קיין מבול ניט זיין. מיר זעהען, אז ס'איז אריבער העכער פון פיער טויזענד יאָהר און קיין מבול איז ניט געווען. אגב אורחא דערצעהלט ער אונז, ווען אמעריקא האָט זיך אָפּגעטהיילט פון אזיע, און ווי אזוי איז געקומען די אורזאך וועלכע האָט מיטגע־בראכט די מענשען זאָלען זיך צוטהיילען אויף בעזונדערע שפּראכען. ער האָט געשריבען די היסטאָריע קלאָר און דייטליך, אז די מענשען האָבען דאן אויסגעפונען ווי צו מאכען הייזער פון ציגעל. און אז דעם טהורעם האָבען זיי געמאכט ער זאָל זיי זיין א וועגווייזער. ווי זיי זאָלען קענען קומען צוריק אין שטאָדט, ווען זיי וועלען זיך אומקעהרען פון דער רייזע מיט זייערע פיה און רינדער. ווי זיי האָבען זעלבסט געזאָגט: „ונעשה לנו שם פן נפוץ על פני כל הארץ" ד. ה. מיר וועלען זיך מאכען א נאָמען, אז מיר האָבען אויסגעפונען

ווי צו מאכען הייזער פון ציגעל, טאָמער וועלען מיר זיך צושפרייטען איבער דער ערד פיטערען אונזערע פיה און מיר וועלען ניט וויסען די וועג, וועט אונז דער הויכער טהורעם צייגען די שטאָדט. אָט דאָס איז געוועזען די אורזאכע, וואָס זיי האָבען זיך צושפרייט אויף בעזונדערע שפראכען, דען זיי האָבען דעם טהורעם ניט געפונען, ווייל די ערד איז א רונדע. פון וואנען האָט ער דאָס געוואוסט? אויב מענשען האָבען דאָס איהם דערצעהלט, האָבען זיי דאָך דאָס דערצעהלט ניט איהם אליין, נאָר נאָך פיעל מענשען. פאר וואָס זשע האָט קיינער דאָס ניט געשריבען אזוי דייטליך, יעדער זאך ווי דאָס האָט פאסירט. ער איז געקומען געבען אונז א תורה, מיר זאָלען וויסען וואָס צו טהאָן און וואָס ניט טהאָן. מיט דעם זעלבסט אי זער דער ערשטער היסטאָריקער פון דער גאנצער וועלט.

און דייטליך, אז די מענשען האָבען דאן אויסגעפונען, ווי צו מאכען הייזער פון ציגעל, און אז דעם טהורעם האָבען זיי געמאכט ער זאל זיין א וועגווייזער, ווי זיי זאלען קענען קומען צוריק אין שטאָדט, ווען זיי וועלען זיך אומקעהרען פון זייער רייזע מיט זייערע פיה און רינדער, ווי זיי האָבען זעלבסט געזאָגט „ונעשה לנו שם, פן נפוץ על פני הארץ", ד. ה. מיר וועלען זיך מאכען א נאָמען, אז מיר האָבען אויסגעפונען ווי צו מאכען הייזער פון ציגעל, טאָמער וועלען מיר זיך צושפרייטען איבער ערד פיטערען אונזערע פיה, און מיר וועלען ניט וויסען די וועג, ווי צו געהן אין שטאָדט, וועט אונז דער הויכער טהורעם צייגען די שטאָדט, און דאָס איז געוועזען די אורזאכע, וואס זיי האָבען זיך צושפרייט אויף בעזונדערע שפראכען, דען זיי האָבען דעם טהורעם ניט געפונען, ווייל די ערד איז א רונדע.

נאָך דעם פעריאָד פון די שפראכען צוטהיילונג הויבט אָן דער שרייבער פון אונזער תורה צו דערצעהלען וועגען די פאסירונגען פון אונזערע עלטערען. ניט בלויז זייערע גוטע טהאטען, נור זאגאר די ניט גוטע. ער שרייבט, ווי יעקב האָט אויסגענארט צוויי מאָהל זיין ברודער. ווי יעקב'ס קינדער האָבען פערקויפט זייער ברודער יוסף'ן. ווי יהודא האָט געבויירען צוויי זיהן פון זיין אייגענער שנור, וועלכע ער האָט גערעכענט פאר א גאסען-פרוי. אזא היסטאָריע, וועלכע שרייבט אויס אלס, און שעהמט זיך ניט צו אויסזאגען די ניט שעהנע טהאטען גלייך מיט די שעהנע מוזען מיר אנערקענען פאר א ריכטיגע, אבער די וואס שרייבט בלויז די גוטע און קיין שלעכטע גאר ניט, יענע איז געוויס פאלש. דען אזוי ווי עס קען ניט געבען ליכטיגקייט אָהן פינסטערניש, אזוי קען ניט זיין גוט אָהן שלעכט.

אונזער פאטער יעקב מיט זיינע קינדער זיינען געקומען קיין מצרים. דארטען, אונטער די ברענענדע ציגעל, מיט די גריבער פון

ליים, איז געבוירען געוואָרען די אידישע פאָלק. די אידישע פאָלק האָט זיך נאָך זייענדיג אין די פעליאַנקעס אנגעלידען גענוג און אנגעפלאגט. דער בייזער קראָקאָדיל, דער פערפינסטערטער אנטיסעמיטיזם, האָט דאמאָלט אויך געהערשט און האָט געוואלט דערטרינקען די אידען. דער אנטיסעמיטיזם איז געבוירען געווארען גלייך מיט דעם פאלק. אבער מערקווירדיג, פון די ברוויזענדע כוואַליעס און פון טיפען אפגרונד האָט די קאפ פון דער אנטיסעמיטיזם (פרעה, דער קעניג פון מצרים) געערטעט דעם העלפער פון די אידען, האָט איהם ערצויגען ביי זיך אין הויז, ווי אַן אייגען קינד, און זייענדיג ביי איהם אין הויז, האָט ער שוין געוויעזען זיין האס צום אנטיסעמיטיזם, דען ווען ער האָט געזעהען, אז אַן אנטיסעמיט שלאָגט א אידען, האָט ער איהם באלד גע׳הרג׳עט. ער האָט אבער געמוזט אנטלויפען, צו רעטען זיך פון טוידט.

די תורה אנאליזירט משה׳ס כאראקטער, אז ער האָט געהאָלפען די שוואכע מיידלעך פון די שטארקע פאסטוכער. דארטען אין זיין גלות לאנד, איז ער געווארען פון א פרינץ א פראסטער פאסטוך. זיין הארץ האָט אבער געזאדען אין איהם, ער האָט ניט געקענט רוהען. ער האָט אלס געטראכט צו רעטען די מארטירער, די אידען פון די פערפינסטערטע אנטיסעמיטען, די מצרים. ער האָט געלאזען זיין ווייב און קינדער. געקומען אין מצרים, האָט זיי געשלאָגען מיט צעהן וואונדערליכע מכות, דורך וועלכע די מצרים זיינען פערארעמט געווארען. די צעהנטע מכה איז געווען אזא וואונדערבארע, וואס איז גאר אונמעגליך צו פערשטעהן. עס איז אויף די מצרים געקומען אזא מגפה, וואס בלויז ערשט-געבוירענע זיינען געשטארבען פון איהר. מיר ווייסען, אז א מגפה אדער יעדער אנשטעקענדע קריינק קומט פון אזעלכע באצילען, וועלכע פערפעסטעט דעם לופט, און ווען דער מענש אטהעמט אריין דעם לופט מיט באצילען אין זיך, מוז ער שטארבען. פון וואנען האָט ער געוואוסט, אז ס׳איז פאראן אזעלכע באצילען, וועלכע קענען שאדען נור ערשט געבוירענע און ניט די איבעריגע מענשען? צוליעב אפהיטען די אידען פון דער מגפה האָט ער זיי געהייסען זיצען די גאנצע נאכט אין הויז. און אויף די מזוזות זאלען זיי אָנשפריצען די בלוט פון א קליין ציגעלע אדער שעפעלע ניט עלטער פון א יאהר, אבער דוקא א זכר. הייסט דאס, אז ער האָט געוואוסט, אז פון די בלוט וועלען די באצילען ווערען טויט. דען ער האָט זיי דייטליך געזאגט: ולא יתן המשחית לבא אל בתיכם. קענען מיר דאס פארשטעהן ווי אזוי ער האָט דאס אלץ געוואוסט?

די אידען זיינען ארויס פון מצרים ניט מיט זייער אייגענעם

ווילען, די מצרים האבען זיי ארויסגעטריבען פון זייער לאנד איבער גוואלד.

פיערציג יאהר זיינען די אידען געווען אין מדבר, ביז ווען אלע עלטערע פערשקלאפטע זיינען אויסגעשטארבען. אין די פיערציג יאהר האט ער זיי אנגעשריעבען די גאנצע תורה, וואס זיי זאלען טהאן און וואס זיי זאלען ניט טהאן, וועלכע לעבעדיגע באשעפענים זיי זאלען עסען און וועלכע ניט, ווי צו היטען זיך פון אומריינע און אנשטעקענדע זאכען.

דער מענש, וואס בעקלערט גוט די אלע זעקס הונדערט מיט דרייצען מצות, וועלכע זיינען געשריעבען אין דער תורה, און בעטראכט זיי מיט א ריכטיגען פערשטאנד, ווערט איבערראשט פון די פיעל וויסענשאפט, וואס געפינט זיך אין זיי. אין אלגעמיין זעהען מיר, אז דער שרייבער פון דער תורה האט געהאט א געטליכען געפיהל סיי אין די מצות, וואס בעלאנגען צו גאט, סיי די וואס געהערען צו דער לאנד, סיי די נאציאנאלע, און סיי די, וואס בעלאנגען פון איין מענש צום צווייטען, אדער צו דעם פאלק'ס און יעדער איינצעלנעם מענשען'ס עקזיסטענץ.

וואס פאר א מיינונג מיר זאלען ניט געבען דער תורה, מוזען מיר טהאן ווי אין איהר איז געשריעבען. איז זי א געטליכע, מוזען מיר זי פאלגען, און אויב זי איז א מענשליכע (וואס מיין פערשטאנד לאזט דאס מיך גאר ניט גלויבען), מוזען מיר אויך פאלגען אזא מענשען, וועלכער האט געהאט אזא אוננאטירליכען מענשליכען פערשטאנד, אין יעדער איינצעלהייט, וואס בעלאנגט צום מענשען אין אלגעמיין און צו די אידען בפרט.

פאר זיין טויט האט ער בעשווארען די אידען, אז זיי זאלען טהאן ווי אין דער תורה איז געשריעבען. ער האט זיי געזאגט, אז ער ווייס קלאהר, אז זיי וועלען איהם ניט פאלגען, און האט זיי געזאגט פאראויס אלץ, וואס וועט זיי טרעפען. אלע אומגליקען מיט די יסורים, וואס זיי וועלען אויסשטעהן, און דאך האט ער זיי געזאגט, אז זיי וועלען לעבען אייביג, און די תורה וועלען זיי קיין מאל ניט פערגעסען. זאגט אייך, מיינע ברידער, וואס איהר ווילט, דאס האט ניט א מענש געשריעבען, נור גאט זעלבסט.

נאך זיין טויט איז געווארען יהושע, זיין תלמיד, דער ליעדער פון די אידען. ער האט בעזיעגט אלע פעלקער, וואס זיין רבי משה האט איהם פערזאגט. ער האט אויך געמאכט מופתים פאר די אידען, צושפאלטען דעם טייך ירדן, צושמעטערט די פעסטונג פון דער שטאדט יריחו, בלויז מיט בלאזען אין שופר, צו'הרג'עט אלע פעלקער, און פון די אידען איז אפילו איינער אויך ניט גע'הרג'עט גע-

ווארען. אויסער די זעקס און דרייסיג, וואס זיינען געשלאגען געווארען איבער דעם מאן עכן, וואס האט גע'גנב'עט פון חרם.

פאר זיין טוידט האט ער אויך פערשווארען אלע אידען, זיי זאלען טהאן אלץ, וואס אין דער תורה איז געשריעבען, ניט מעהר און ניט ווייניגער. ער האט זאגאר געפרעגט ביי די אידען, וועלכען גאט זיי ווילען דיענען, צי דעם גאט פון די פעלקער, אדער דעם אידישען? און אלע אידען האבען זיך געשווארען, אז זיי ווילען דיענען דעם אידישען גאט, וועלכער האט זיי ארויסגעפיהרט פון מצרים.

נאך זיין שטארבען איז ניט געווען ביי די אידען אזא מאן, וועלכער זאל קענען זיין דער הערשער איבער אלע אידען, יעדער פאמיליע, יעדער שטאאט און יעדער שבט האט געהאט זייער אייגענעם פיהרער, ווי עס טרעפט אין יעדער קאמפאני אדער חברה, ווער עס האט א גרעסערען צונג, ווער עס איז רייכער, יענער ווערט פון זיך זעלבסט א ליעדער. ער מאג זיך זיין דער אויסוואורף פון אלע מענשען, א ניעדערטרעכטיגער. פון לערנען האבען זיי ניט געוואוסט. די תורה אונזערע איז געווען בלויז ביי דעם כהן אין אהל מועד. קיינע ספרים האבען זיי ניט געהאט. זיי האבען פיעלייכט געוואוסט פון די נאציאנאלע ימים טובים: פסח, שבועות און סכות, ווען דער פרומער איד פלעגט פאהרען מיט זיין פאמיליע איין מאהל אין יאהר אין דער שטאדט, וואו עס איז געווען דער אהל מועד מיט דעם כהן גדול צו ברייגנען דארטען קרבנות. ער פלעגט דארטען פערברייגנען א פאאר טעג פרעהליך. זיי פלעגען אנקויפען אין שטאדט דאס נויטהיגע, וואס זיי דארפען, און פאהרען צוריק, דען זיי זיינען דאך אלע געווען ערד-ארבייטער. זעלבסטפערשטענדליך, האט יעדע שטאדט, יעדע געמיינדע געטהאן פאר זיך וואס זי האט געוואלט. איין שטאדט מיט דער צווייטער האבען ניט געהאט קיין פערבאנד, זוער רעדט שוין איין שבט מיט דעם צווייטען. עס איז גאר קיין וואונדער ניט, אז אזעלכע אונגעלערענטע האבען זיך געלערענט פון די איבעריגע פעלקער צו דיענען זייערע געטער, וויל דער הויפט פון דיענען גאט איז דאמאלט בעשטאנען בלויז אין בריינגען צו איהם קרבנות. וועלכע די אידען האבען געמוזט פיהרען אין דער שטאט, וואו עס איז געווען דער אהל מועד מיט דעם כהן גדול, וואס ניט יעדער איד און ניט אין יעדער צייט האבען זיי געקענט ערפילען זייער וואונש, אבער דיענען גאט ווילט זיך יעדערען, איבערהויפט אין א צייט פון אומגליק אדער א קריינק, און ווי נאך אין יענע צייטען! אז דער מענש האט ניט געזעהען קיין ספר. זיי האבען אויך געטהאן ווי די איבעריגע פעלקער, זייערע שכנים, טהוען. זיי האבען געמאכט מזבחות אויף יעדער הויכער בארג, אונטער יעדער צווייגהאפטען בוים, און האבען געבראכט קרבנות צו זייערע געטער. נור

דער אידישער נאציאָנאַלער גאָט האָט זיך ביי זיי גערעכענט פאַר דעם פאָלקס־גאָט, צו וועלכען בלויז דער כהן האָט געקענט ברייינגען קרבנות, אבער ניט יעדער אייניגער איד. די כהנים פון דעם אידי־שען נאציאָנאַלען גאָט האָבען געמוזט זיין בלויז די, וואָס קומען ארויס פון דעם ערשטען אידישען כהן גדול אהרן. אבער די כהנים פון די אנדערע געטער האָבען געקענט זיין איינפאַכע אידען. ווער עס האָט געוואָלט, האָט זיך אויסגעלערענט ווי צו ברייינגען קרבנות, און איז געוואָרען א כהן.

אין יענע צייטען האָבען פיעל מענשען פון דער גאַנצער וועלט געלעבט פון רויבעריי. סעקטעס רויבער פלעגען אנפאַלען אויף א דאָרף, צונעהמען אלץ, וואָס ביי זיי איז געווען, די ווייבער מיט די קינדער פלעגען זיי פערקויפען פאַר קנעכט און דיענסטען. אין אזעלכע ביטערע צייטען פלעגט זיך געפינען ביי די אידען א העלד, וועלכער פלעגט צוזאַמענקלייבען עטליכע שבטים פון די אידען, מלחמה האַלטען מיט זייערע פיינד, און פלעגט זיי העלפען. די צייט האָט זיך געצויגען ביי די אידען א משך פון פיער הונדערט יאהר. אין דער פאָלקס עפּאָכע האָט אונז די היסטאָריע ווייניג געשריעבען וועגען די ערהאַבענע מענשען פון דעם אידישען פאָלק, וועלכע זיי־נען געווען אין דעם משך פון דער צייט, ווייל טראָץ דעם וואָס די מענשהייט איז דאַמאָלס געווען אין די רעכטע מיטעלע יאהרען, איז אבער דאָס אידישע פאָלק געווען אין די קינדערשע יאהרען, ווען די פאָלק איז געוואָרען עלטער, איז געבוירען געוואָרען דער ריכטיגער נביא שמואל. פון איהם האָט זיך אנגעהויבען דער פעריאָד פון נביאים, וועלכער האָט זיך געצויגען פינף הונדערט יאהר. אין דעם פעריאָד האָבען די אידען געהאַט מלכים, וועלכע זיינען געווען די מעכטיגסטע און די קליגסטע אין דער וועלט, ווי דוד און זיין זוהן שלמה, וועלכע האָבען אונז געלאָזען אן אוצר מיט וויסענשאַפט. דאָך שעהמט זיך ניט אונזער היסטאָריע און שרייבט זייערע ניט שעהנע טהאַטען אויך.

נאָך שלמה'ס טויט האָבען זיך די אידען צוטהיילט אויף צוויי מלוכות. צעהן שבטים פון די אידען האָבען זיך געמאַכט פאַר זיך א קעניג, וועלכער האָט זיי געמאַכט אן אנדער גאָט מיט אנ־דערע כהנים. פיעל מאָל האָט געטראָפען מלחמות צווישען די אידישע מלכים. די פינף הונדערט יאהר זיינען געווען די נביאים, וועלכע האָבען געשטראָפט די אידען פאַר וואָס זיי טהוען ניט ווי אין דער תורה איז געשריבען.

ווי מיר לעזען די שריפטען פון אלע נביאים זעהען מיר, אז די ערשיינונג פון זעהען מלאכים איז ביי די נביאים געווען גאָר

א קליינע זאך, ווען זיי האבען געוואלט האבען זיי געמאכט אז דער צוויימער זאל אויך קענען זעהן מלאכים. ווי מיר לעזען די היסטארי פון דעם נביא אלישע, וועלכער האט געמאכט אז זיין באדיענער זאל אויך זעהען די מלאכים (מלכים ב״ ו״ ז״ז). מיר געפינען ניט איינעם פון די אלע נביאים וועלכער זאל זאגען די אידען, זיי זאלען ניט טהאן איינע פון די אלע מצות וואס זיינען געשריבען אין דער תורה. זיי האבען בלויז געזאגט די אידען, אז ניט מיט דעם וואס זיי ברייגגען צו גאט קרבנות וועט ער זיי מוחל זיין זייערע זינד. גאט דארף ניט זייערע קרבנות. גאט וויל נור, אז איין מענש דעם צווייטען זאל גוטס טהאן. די לעצטע פון די נביאים זיינען געווען: חגי, זכריה און מלאכי. אין דער צייט וואס כורש מלך פרס האט בעזיעגט דעם קעניג בבל און האט ערלויבט די אידען אומקעהרען זיך אויף זייער לאנד, אין יענער צייט איז געווען דניאל, וועלכער האט אויך געזעהען מלאכים און גערעדט מיט זיי. זיינע חברים: חנניה, מישאל ועזריה, וועלכע נבוכדנאצר מלך בבל האט אריינגעווארפען אין העלישען פייער. די מענשען וואס האבען זיי אריינגעווארפען זיינען פון היץ פערברענט גע־ווארען, און זיי זיינען ארויס פון פייער מונטער און פרעהליך, אפילו זייערע קליידער זיינען אויך ניט פארברענט געווארען. דאך זיינען זיי ניט געווען קיין נביאים און האבען ניט געזעהען קיין מלאכים.

די מענשהייט ווערט עלטער. זי האט אנגעווארען דעם גע־פיהל פון נביאות. זי האט שוין מעהר קיין מלאכים ניט געזעהען. דער מענש האט פערלארען דעם געפיהל מיט די כחות פון די מי־טעלע יאהרען. אבער ניט מיט אמאהל. דאן האט זיך אנגעהויבען ביי די אידען די עפאכע פון תנאים און ביי די גריכען, וועלכע זיינען דאן געווארען די הערשער פון דער ערד, זיינען געווען די פילאזאפים. דער מענש האט שוין דאמאלס געקאנט שרייבען און האט געהאט פערגאמענט אויף וואס צו שרייבען. אבער וואס זע־העז מיר פון אלע שריפטען, וועלכע די גריכען האבען אונז געלאזען פון יענער צייט? מעהר ניט ווי אומגלויבליכע לעגענדעס פון זייערע גאטען, ווי איין גאט האט זיך איינגעליעבט אין דעם צווייטען גאט׳ס טאכטער, זאגאר אין מענשליכע טעכטער, וועלכע האבען געבוירען נאך קליינע גאטען, אדער ווי דער גאט צעאוס האט בע־זיעגט זיין פאטער סאטורן און האט איהם געצוואונגען ער זאל אויסשפייען זיינע אייגענע קינדער, וועלכע ער האט איינגעשלונ־גען. און נאך אזעלכע מיפען, וועלכע צייגען די דומהייט פון די פארצייטיגע מענשען צו גלויבען אין אזעלכע נארישקייטען.

ווען מיר לעזען זאָגאר די אידעעס פון זייערע ערהאבענע פיליזופים זעהען מיר בלויז, אז יעדערער פון זיי איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אז העכער וויעדער העכער מוז זיך געפינען אזא קראפט, וועלכע איז אין גאנצען די קלוגהייט מיט די גוט־הייט. אָבער ניט איינער פון זיי האָט געשריבען, אז ער האָט גע־זעהען א מלאך, אָדער גערעדט מיט גאָט. ער זאָל זאָגען פּאָראויס וואָס שפּעטער וועט טרעפען.

פון זייערע געזעצגעבער, פון וועלכע „ליקורגוס" איז געווען דער ערשטער 884 יאָהר פאר דעם רעכענונג פון נוצרי געפינען מיר, אז ער האָט בלויז פערזאָרגט די אריסטאָקראטיע, זיי זאָלען זיין די הערשער פון דעם לאנד, און אז די גריכישע קינדער זאָלען זיך לערנען פון דער יוגענד אָן צו האלטען מלחמה. מיט דריי הונדערט יאָהר נאָך ליקורגס'ן האָט דער צווייטער גריכישער געזעץ געבער „זאלאן" געמאכט, אז די דעמאָקראטען זאָלען זיין די הער־שער פון דער לאנד.

„הערא־דאט", וועלכער איז געווען דער ערשטער היסטאָריקער פון די גריכען, האָט אויך ניט געשריבען אז איינער פון זיי זאָל זעהען מלאכים אָדער ריידען מיט גאָט. ער האָט נור געשריבען וועגען די תרפים מיט דער כהנת „פּיטיא", וועלכע זיינען געווען אין דער שטאָדט דעלפהי, אז זיי פלעגען געבען א צווײדייטיגען ענט־פער, „יא" און „ניין". אויב דער מענש וואָס האָט געפרעגט האָט בעגליקט זיין טהאט, האָבען דאָך די תרפים געזאָגט „יא", טאָמער האָט ער ניט בעגליקט, האָבען זיי דאָך געזאָגט „ניין".

אין דער זעלבער צייט האָבען אונזערע תנאים איבערגעלאָזען אונז א גאנצען ים מיט וויסענשאפט: דעם תלמוד. דער תלמוד ענטהאלט אין זיך אלע וויסענשאפט פון דער וועלט: באָטאניק, אסטראָנאָמי, זאָאלאָגי, אנאטאָמי, ארכיעלאָגיע א. אז. וו. עס איז ניטאָ איין וויסענשאפט אויף דער ערד פון יענער אלטער צייט, וואָס אונזערע תנאים זאָלען זיי ניט וויסען ריכטיגער פון אלע חכמים, וועלכע האָבען געלעבט אין יענער צייט. דאָך האָבען זיי געזאָגט „אויב די ערשטע זיינען געווען מלאכים, קענען מיר זיך רעכענען פאר מענשען, אָבער אויב זיי זיינען געווען מענשען, זיינען מיר עזעלען, דען זיי האָבען פערשטאנען די ערהאבענע געפיהלען פון אונזערע נביאים, ווי גרויס און מעכטיג זיי זיינען געווען, אז זיי האָבען זאָגאר קיין בעגריף ניט געהאט אין זיי.

אָבער די תנאים האָבען אונז ניט געשריבען ווי צו לערנען מיר זאָלען קענען פערשטעהן יעדער וויסענשאפט באזונדער. זיי האָבען בלויז ערקלערט מיט יעדער וויסענשאפט צו אויסגעפינען

ריכטיג דעם דין, וועלכער איז געשריבען אין דער תורה, אָבער ניט צוליעב דער וויסענשאַפט זעלבסט. דאָך קענען מיר פאַרשטעהן ווי גרויס און ווי ערהאַבען זייערע געפיהלען זיינען געווען אין יע־דער וויסענשאַפט, אז ביי זיי האָט דאָס גאָר קיין באַטרעף ניט געהאַט צו שרייבען וועגען דעם. זיי האָבען גאָר קיין אויפמערק־זאַמקייט ניט געשענקט אויף די אַלע חכמות, אז זיי זאָלען לאָזען די וויסענשאַפט פון דער נאַטור צו זייערע קינפטיגע דורות. זייערע געדאַנקען מיט די געפיהלען האָבען זיי אַנגעווענדעט בלויז צו פאַרשטעהן די ווערטער פון דער תורה און נביאים, צוליעב פער־שטאַרקען די אידישע רעליגיאָן, און מיט דעם זעלבסט אָפּהיטען דעם מענשענ'ס לעבען און זיין פערמעגען. ווי מיר געפינען אין דער גמרא (מכות ז") אז דער געריכט וואָס האָט איין מאָהל אין זיעבעציג יאָהר הינגעריכטעט א מענשען צום טויט, האָט מען זיי אָנגערופען „מערדערליכער געריכט", אָט אַזוי טהייער איז ביי אונזערע תנאים געווען דעם מענשענ'ס לעבען. און ניט נאָר איז ביי זיי געווען טהייער דער לעבען פון מענשען אַליין, זאָגאר דער לעבען פון אַלע לעבעדיגע באַשעפעניסען. ווי דער תלמוד דער־צעהלט אונז (בבא מציעא פ"ה) אז ווען א קאַלב האָט בעהאַלטען איהר קאָפּ אונטער דעם אידישען פרעזידענט'ס רבי יהודא הנשיא'ס קליידער, מ'זאָל זי ניט קוילענען, האָט רבי יהודא זי אָפּגעשטופּט מיט דיעזע ווערטער: „געה, דערויף האָט מען דיך בעשאַפען"; האָט איהם גאָט געשטראָפט און ער איז געווען קראַנק פיעל יאָה־רען. ביז ווען עס האָט געטראָפען איהם צו זעהען, אז זיין דיענסט וויל אַרויסוואַרפען קליינע קעצעלעך פון זיין הויז, האָט ער איהר געזאָגט: „לאָז זיי אין הויז, ווייל גאָט ערבאַרעמט זיך אויף אַלע־מען", דאַן האָט גאָט אויף איהם זיך ערבאַרעמט און געהיילט איהם פון זיין קרענק.

דאָס איז אונז א ריכטיגע איבערצייגונג, ווי טהייער ביי די גרינדער פון אונזער תלמוד איז געווען דער לעבען פון אַלע לעבע־דיגע באַשעפעניסען.

די עפּאָכע פון אונזערע תנאים האָט זיך געצויגען א משך פון זעכס הונדערט מיט זיעבעציג יאָהר.

די מענשהייט ווערט עלטער. זי פערלירט איהרע געפיהלען. אָבער אַלץ לאַנגזאַם. דער פעריאָד פון תנאים איז אריבער, איז נעקומען די צייט פון די אמוראים, וועלכע האָט זיך געצויגען ביי געוויסע צוויי הונדערט יאָהר. די לעצטע אמוראים האָבען געזעהען, אַז דער מענש פערליערט זיינע געפיהלען. וואָס ווייטער ווערען אַלץ געבוירען מענשען מיט שוואַכערע קעפּ. האָבען זיי אָנגעשרי־

בען דעם גאנצען תלמוד, ווי מיר האָבען איהם איצטער, צוליעב דעם אז ער זאָל ניט פערגעסען ווערען פון די אידען. אָבער דאָך קענען מיר פארשטעהן וואָס פאר א גרויסע קעפּ זיי האָבען געהאט, אז זיי האָבען געקענט געדענקען יעדע תנא מיט זיינע ווערטער, וועלכע ער האט זיך אויסגעשפּראָכען צו ערקלערען זיין מיינונג. די דעבאטעס מיט די איבערצייגונג פון יעדערען אז זיין מיינונג איז ריכטיג. דערמאָנט זיך! דאָס האט זיך געצויגען א משך פון טויזענד יאָהר, און טויזענדער מענשען האָבען דיסקוטירט. איז דאָס א מעגליכע זאך צו געדענקען אויסווענינ יעדערענס ווערטער, די אויסשפּראך מיט דער לאָגיק? און דאָך האָבען זיי געפּיהלט אז זייערע קעפּ מיט די געפּיהלען זיינען גארניט ענליך צו די געפּיהלען מיט די קעפּ פון די תנאים.

דער תלמוד ענטהאלט אין זיך ניט בלויז די ערקלערונג פון די געזעצען מיט די דינים פון אונזער תורה מיט די נביאים, זאָגאר אויך (צייטענוויים) די היסטאָרי פון די אידען. דאָך געפינען מיר ניט אז זאָגאר איינער פון די תלמודיסטען, וועלכע זיינען געווען אזעלכע גרויסע צדיקים מיט ערהאבענע געפּיהלען, זאָל זאָגען אז ער האט גערעדט מיט א מלאך. ווי דער תלמוד שרייבט (סוטה דף מ"ח) אז ווי נור די דריי לעצטע נביאים: חגי, זכריה און מלאכי זיינען געשטאָרבען, איז שוין מעהר קיין רוח הקודש ניט געווען.

די דורות פון די אמוראים זיינען אויך אריבער. דער מענש ווערט עלטער און שוואכער. ער פערלירט ביסלעכווייז און לאנגזאם זיינע פריהעריגע כחות און געפּיהלען. עס איז אריבער דער פעריאָד פון די תנאים מיט די אמוראים די תלמודיסטען. און עס איז געקומען די עפּאָכע פון די גאונים ,וועלכע האט זיך געצויגען ביז זעקס הונדערט יאָהר.

ווי די תלמודיסטען אין זייער צייט, האָבען די גאונים אויך געזעהען צו איינפּלאנצען ביי די אידען גוטע זיטען, מיט דעם וואָס זיי זאָלען אָבהיטען אלע מצות, מיט די דינים, וועלכע זיינען געשריבען אין תלמוד, נאך די ערקלערונג ווי זיי האָבען ערקלערט אלע דינים און מצות פון דער תורה... ניט בלויז די מצות, וואָס געהערען פון איין מענש צום צווייטען, זאָגאר די מצות וואָס געהערען צו דעם מענשליכען געזונד, ניט עסען די אומריינע בעשעפּעניסען, ניט צוריהרען זיך צו טויטע קערפּערס, און אלע איבעריגע זעקס הונדערט מיט דרייסיג מצות, וועלכע געפינען זיך אין דער תורה. יעדע מצוה בעזונדער, ווי מען זאָל זי טהאָן, אלץ ערקלעהרט מיט'ן העכסטען וויסענשאפטליכען אופן. קומט דער נייער טעסטאמענט און זאָגט,

אז די אידישע תורה האט איהם געבראכט צו זינד (רוימיים ז׳ 7).

די גאונים האבען געמאכט ישיבות, פון וועלכע עס זיינען ארויסגעקומען די גרעסטע געלערטע אידען פון יענער צייט. זיי האבען געשריבען פיעל ביכער, אין וועלכע זיי האבען אונז ערקלערט פיעלע צוויי־פעלדיגע דינים און פיעלע אונפערשטענדיגע זאצען פון תלמוד.

די גאונים מיט זייערע ישיבות האבען עקזיסטירט אין סוריא און אין פומבדיתא, אבער ניט אין אייראפא.

דער מענש ווערט עלטער, די קעפ ווערען שוואכער, ער פער־לירט ביסלעכווייז זיינע כחות מיט די געפיהלען. די צייט פון די גאונים איז אויך אריבער, האט זיך אנגעהויבען דער פעריאד פון די רבנים און בעלי תוספות, וועלכע האבען זיך געפונען אין אייראפא: אשכנז און פראנקרייך. דעם גאנצען אוצר מיט וויסענ־שאפט פון דעם תנ״ך מיט דעם תלמוד און מדרשים האבען אונז איבערגעלאזען די רבנים: ווי דער אלפאסי, רש״י מיט זיינע איי־ניקלעך, דער רמ״בם מיט זיין זוהן ר׳ אברהם, און נאך אזעלכע רבנים. ווען ניט די רבנים וואלטען מיר היינט ניט געוואוסט צו פארשטעהן איין פסוק פון תנ״ך, אדער א מאמר פון דעם תלמוד. די רבנים האבען אונז איבערגעגעבען די העברעאישע שפראך מיט דעם דקדוק. די ערשטע פון זיי זיינען געווען ר׳ יהודה חיוג און ר׳ יונה בן גאנח. נאך זיי איז געווען דער אב״ן עזרא. ווען זיי וואלטען געווען היינטיגע צייטען האבען מיר זיי געקענט רופען גאונים. אבער אנטקעגען די פאריגע גאונים האבען זיי זיך בלויז גערופען רבנים, דען זייערע קעפ זיינען געווען פיעל קלענער פון די גאונים.

דער מענש ווערט עלטער, זיינע געפיהלען ווערען אבגעשוואכט. כאטש מיט דעם זעלבסט בעקומט ער מעהר ערפאהרונג. ווער קען וויסען צו וואס פאר א שטופע דער מענש וואלט געגרייכט, ווען ער וואלט ניט אויסגעפונען די ערפינדונג פון דרוקען ביכער און מאכען פאפיער. אלע קונסטען מיט אלע וויסענשאפטען, וועלכע דער מענש האט אויסגעפונען אין די לעצטע צייטען, האט ער בלויז צו פערדאנקען די ערפינדונג פון דרוק. דען מיר ווייסען ווי ווילד און ווי נאריש דער מענש איז געווארען אין די לעצטע יאהרען, וואס די אידען זיינען געווען אין שפאניען, אין דעם פופצעהנטען יאהרהונדערט, דאס איז אין דעם אנפאנג פון זעקסטען טויזענד נאך דעם רעכענונג פון אונזער תורה.

דער פאפ פון רוים מיט זיינע קארדינאלען, וועלכע האבען גערעכענט אז זיי זיינען די העכסט געבילדעטע און נאבעלסטע פון

אלע מענשען, וועלכע האָבען געלעבט אין יענער צייט, זיינען געוועזען אזוי פיעל ווילד, אז זיי האָבען פארברענט און צו'הרג'עט מיט אלער ארט יסורים הונדערטער טויזענדער מענשען, דערפאר וואָס זיי האָבען ניט געוואָלט גלויבען אין יעזוס'ען. זיי האָבען גערעכענט, אז מיט די מענשליכע קרבנות, וועלכע זיי פייניגען און ברייננען אום פון דער וועלט, טהוען זיי דאָס יעזוס'ען פערגעניגען, און דערפאר וועט ער זיי גליקליך מאכען אויף אייביג און וועט זיי געבען דעם מלכות שמים, צו זיצען נעבען זיין רעכטער האנד.

ווער פון אייך לעזער האָט ניט געלעזען וועגען דער אינקוויזיציאָן, וועלכע האָט ערמאָרדעט הונדערטער טויזענדער ריינע אונשולדיגע מענשען, מיט אזעלכע מיני יסורים וואָס נעהמט אָן א שוידער ווען מען לעזט זיי. איך וועל נאָר בעשרייבען איינינע פון די יסורים, וועט איהר פערשטעהן אויך די איבעריגע. זיי פלעגען אריינשלאָגען לאנגע נעגעל אין א ברעט, וואו די שפּיצען פון די נעגעל האָבען געשטעקט פון דעם צווייטען זייט. אויף די שפּיצען האָט מען ארויפגעלייגט א נאקעטען אונגלויביגען אידען, און מיט קייטען, וועלכע זיי פלעגען איהם בינדען, האָט מען איהם מיט א ראָד געשלעפּט אויף די שפּיצען און געריסען פון איהם שטיקער פלייש. זיי האָבען אָבער ניט געלאָזען איהם שטארבען, ביז וואנען זיי פלעגען איהם אזוי פיעל פּלאגען, אז ער פלעגט אויסגעהן פון מאטערניש. דאן פלעגט מען איהם פערברענען לעבעדיגערהייט.

נאָך א פּלאָגע מאשין איז ביי זיי געווען, מיט וועלכער זיי האָבען געפּלאגט די אונגלויביגע. זיי האָבען געמאכט צוויי אייזערנע ברעטער, וועלכע פלעגען זיך צושרויפען איינע צו די אנדערע. זיי פלעגען ארייגלייגען יעדען טאָג א בעזונדער פינגער פון דעם אונגלויביגען און האָבען צוגעשרויפּט די ברעטער, ביז וואנען דער פינגער פלעגט צוריבען ווערען. מיט אזעלכע יסורים האָט מען זיי געמאטערט יעדען טאָג, און צום סוף פלעגט מען זיי פארברענען.

פאר פרויען האָבען זיי געמאכט א פּאָמפּ (פּייפּ), מיט וועלכער זיי פלעגען אין איהר קערפּער גיעסען א שטראָם וואסער פון צווישען איהרע פיס און פלעגען שווייגקען און רייניגען איהרע געדערים, ביז וואנען זי פלעגט בלייבען אָהן קרעפטען, פלעגט מען זי אָפּלאָזען, און אין עטליכע טעג ארום, ווען די געפייניגטע פלעגט שטארקער ווערען, פלעגט מען איהר ווידער פּלאגען. נאָך אלעמען פלעגט מען זיי פארברענען לעבעדיגערהייט. אָט אזוי ווילד איז געווען דער מענש אין יענער צייט.

פון דער צייט אָבער, וואָס דער מענש האָט אויסגעפונען צו

דרוקען ביכער, האָט דער מענש אָנגעהויבען צו גענן מיט ריעזיגע שריט אין דער וויסענשאַפט. מיר קענען רעכענען יעדען יאָהר פון איצטיגער צייט, ווי גאַנצע הונדערט יאָהר פון דער אַלטער צייט.

אָבער די אַלע וויסענשאַפטען מיט די ערפינדונגען פון איצטיגער צייט בעשטעהען נור אין אויסקלעהרען נייע ערפינדונגען פון דער נאַטור־וויסענשאַפט, וועלכע צווינגען דעם מענשען, צוליעב זיין עקזיסטענץ. דערפאַר אָבער האָט ער אָנגעוואָרען דעם געפיהל פון די גאָטהייט. דער מענש האָט איצט אַ געפיהל אין די גאָטהייט וועניגער ווי דער בלינדער אין ליכטיגקייט און קאָלירען. דער בלינדער גלויבט די זעהענדיגע, אַז ס'איז דאָ ליכטיגקייט, טראָץ דעם וואָס ער זעלבסט זעהט ניט. ער הערט ווי מען זאָגט פינסטער, ליכטיג, שוואַרץ, וויים, גרין, רויט. ווען ער אַליין קען ניט פערשטעהן דעם אונטערשיעד פון די קאָלירען, דאָך גלויבט ער אַז עס איז פאַראַן אַזאַ זאַך, ווייל ער הערט דאָך ווי די זעהענדיגע ריידען וועגען דעם.

מיר לעזען איצט די שריפטען פון אונזערע נביאים. זייערע רעדעס, וועלכע זיי האָבען דאן גערעדט אין דעם נאָמען פון גאָט, די פאַסירונגען פון דער פריהעריגער צייט, און די נביאות וועלכע זיי האָבען געזאָגט וועגען דער צוקונפט.

דער וואָס האָט געלערנט תנ"ך ווייסט, אַז די אמת'ע ריכטיגע נביאים זיינען געווען אין זייערע צייטען בלויז איינצעלנע מענשען, און זעהר וועניג אידען האָבען געשטימט מיט זייערע אידעען. דער הויפט אידען האָבען געגלויבט זייערע געגנערס, די פאַלשע נביאים, דען די נידעריגע אברים פון'ם פאָלק'ס קערפער האָבען ניט געהאַט קיין בעגריף צו פערשטעהן זייערע געדאַנקען. דעם מענשען איז לייכטער געווען צו פאַרנעמען די ווערטער פון די פאַלשע נביאים, וועלכע האָבען אויך גערעדט צו זיי אין דעם נאָמען פון גאָט. ווי מיר לעזען די היסטאָריע פון'ם נביא „אליהו", אַז ער איז געווען פערפאָלגט און פעריאָגט פון דעם אידישען קעניג „אחאב" מיט זיין פרוי „איזבל", און זיינע געגנערס, די פאַלשע נביאים, זיינען ביי זיי געווען געאַכט. זאָגאר ווען ער האָט זיי געוויזען אַזעלכע גרויסע וואונדער, ער האָט געזאָגט אַז קיין רעגען זאָל ניט גיסען, איז דריי יאָהר קיין רעגען ניט געווען און פיעלע אידען זיינען צושטאָרבען פון הונגער. נאָך די דריי יאָהר, ווען ער איז געקומען און האָט געוויזען אַזאַ גרויסען וואונדער, אַנטקעגען אַלע פאַלשע נביאים, אַז אַ פייער פון הימעל זאָל אַראָפּ און זאָל פאַרברענען דעם קרבן, וואָס ער האָט בענאָסען מיט וואַסער, אין דער צייט וואָס דער הימעל איז

געוועזן קלאָהר אָהן אַ שטיקעל וואָלקען, און האָט געגעבען רעגען אויף דאָס אידישע לאנד, האָט איהם נאָך די קעניגין „איזבל" גע־וואָלט טויטען. אָבער ניט אַזא נביא ווי אליהו קען מען טויטען.

מיר לעזען ווייטער די היסטאָריע פון זיין תלמיד „אלישע", וועלכער האָט פיעל מאָל געמאכט אז דער אידישער קעניג זאָל זיעגען איבער דעם קעניג פון „ארם". און ווען דער קעניג פון ארם האָט געשיקט זיינע מיליטער כאַפּען דעם נביא אלישע און ברייגגען איהם, האָט אלישע זעלבסט אוועקגעפיהרט די גאַנצע מיליטער פון ארם גלייך צום אידישען קעניג אין שטאָדט.

דערנאָך לעזען מיר די היסטאָריע פון'ם נביא „מיכיהו", ווי ער האָט דעבאטירט מיט זיינע געגנערס פיער הונדערט פאַלשע נביאים, אין דעם ראטה־מיטינג פון די צוויי אידישע מלכים „יהושפט און אחאב". די פאלשע נביאים האָבען געזאָגט, אז דער אידישער קעניג וועט בעזיעגען די ארם. און דער איין נביא מיכיהו האָט געזאָגט, אז אחאב, דער אידישער קעניג, וועט אויך גע'הרג'עט ווערען אויף דער מלחמה. דער גרעסטער פון די פאלשע נביאים האָט געשלאָגען דעם ריכטיגען נביא מיכיהו, און דער קעניג „אחאב" האָט איהם פארזעצט אין געפענגנים, ביז ער וועט קומען פון מלחמה; אָבער ער איז שוין צוריק ניט געקומען. דעם ריכטיגען אמת ווייסען מעהר ניט געצעהלטע מענשען, אָבער קיינער גלויבט זיי ניט. אזעלכע היסטאָריעס קענען מיר ניט אָנרופען לעגענדעס, יעדער מענש וואָס עזט זיי זעהט די ריכטיגקייט פון זיי.

נאָך מעהר דייטליך לעזען מיר די היסטאָריע פון דעם נביא ירמיה; דעם ענטפער וואָס די אידען האָבען איהם געגעבען, ווען ער האָט זיי געהייסען דיענען בלויז צו גאָט.

איך געפין פאר נויטיג צו ערקלעהרען די היסטאָריע ריכטיג פאר דעם לעזער, כדי ער זאָל פארשטעהן דייטליך זייער ענטפער:

דער נביא ירמיה האָט פּראָפעצייעט זיינע נביאות אין דער צייט, ווען די לעצטע קעניגע פון יהודה האָבען געקעניגט, ביז נאָך דער צייט, וואָס נבוכדנאצר מלך בבל האָט פארברענט דעם בית המקדש און האָט פערטריבען די יהודים אין בבל. דער נביא ירמיה האָט פּראָפעצייעט צו די יהודים מיט זייער קעניג, אז זיי זאָלען זיך אונטערגעבען נבוכדנאצר'ן, אויב ניט, וועט נבוכדנאצר ארויסטריי־בען די יהודים אין גאַנצען פון זייער לאנד, דעם בית המקדש וועט ער פארברענען און אלע הייליגע זאַכען וועט ער אוועקפיהרען אין בבל. ווען זיי וואָלטען איהם דאן געפאָלגט, וואָלטען מיר נאָך פיעלייכט ביז איצט געזעסען אויף אונזער לאנד. זיינע געגנער

אָבער, די פאַלשע נביאים, האָבען פּראָפּעצייעט פאַרקעהרט, אַז די יהודים וועלען זיעגען איבער נבוכדנאצר'ן. ירמיה איז דאַן גע־ווען איין נביא, וועלכער איז געוועזען אַ ריכטיגער נביא. מיט איהם צוזאַמען האָט בלויז געשטימט איין מאַן — ברוך בן נריה, וועלכער איז געוועזען זיין שרייבער. עס איז זעלבסטפערשטענדליך, אַז דער קעניג מיט דעם גאַנצען פּאָלק האָבען געשטימט מיט זייערע געגנערס. דען אויסער דעם וואָס זיי זיינען געווען פיעלע און ער איינער, זיינען זיי נאָך געווען רייך און בעאַמטע פון דער רעגירונג. ווי מיר אַלע ווייסען, אַז נור די פאַלשע מענשען ווערען בעאַמטע און הערשען איבער דעם פּאָלק. און ירמיה איז געוועזען אָרעם און האָט קיין אמט ניט געהאַט. די יסורים, וואָס ער האָט געליטען און די צרות, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען פון זיינע געגנערס, צו־זאַמען מיט אַלע יהודים, איז גאָר אונמעגליך צו בעשרייבען. מען האָט איהם זאָגאר אריינגעוואָרפען אין אַ טיעפען ברונעם און גע־וואָרפען אויף איהם שטיינער צו טויטען איהם. מיט קלעפּ און שלעג איז ער זאָט געווען זיין גאַנצען לעבען. מעהר ניט דערפאַר וואָס ער האָט גערעדט דעם אמת, און האָט געוואָלט אַז די אידען זאָלען בלייבען זיצען אויף זייער לאַנד. איבער די שרעקליכע יסורים, וואָס מען האָט איהם געפּייניגט, האָט ער ניט געוואָלט פּראָפּעצייהען. ער האָט זאָגאר געשאָלטען דעם טאָג, וואָס ער איז געבוירען געוואָרען. אָבער קלאָגענדיג און יאָמערענדיג אויף זיין פינסטערען און ביטערען לעבען, האָט ער געזאָגט מיט אַ צובראָ־כענער הארץ, „איך קאָן זיך אָבער ניט איינהאַלטען, איך מוז רעדען, דען אַ פייער ברענט אין מיינע בייגער. גאָט'ס שטימע קלאַפּט אין מיינע אויערען ווי אַ האַמער, וועלכער ברעכט שטיינער" (ירמיה כ' כ"ג).

איך פרעג אייך, מיינע טרייע, קענען מיר פערשטעהן דעם געפיהל פון אַ נביא? ווי האָט ער געהערט גאָט'ס ווערטער? קע־נען מיר האָבען אַ בעגריף פון זיין ערהאַבענעם גייסט? ניין, טויזענד מאָל ניין! מיר זיינען בלינד אין די גאָטהייט. דעם סוף ווייסען מיר, אַז נבוכדנאצר האָט ארויסגעטריבען די יהודים, דעם בית המקדש האָט ער פאַרברענט, די הייליגע כלים האָט ער צוגע־נומען, דעם קעניג צדקיהו האָט ער אויסגעשטאָכען די אויגען און האָט איהם פאַרזעצט אויף אייביג אין געפענגניס.

זעהענדיג די ריכטיגקייט פון דעם נביא'ס ווערטער, אַז אַלץ ווי ער האָט געזאָגט אזוי איז געווען, האָבען דוכט זיך די איבעריגע יהודים געדאַרפט פאָלגען איהם אַלעס וואָס ער וועט זיי בעפעהלען

אין גאָט׳ס נאָמען. אָבער ניין. הערט וואָס דער נביא דערצעהלט אונז ווייטער, וועט איהר ענטציקט ווערען.

נבוכדנאצר, דער קעניג פון בבל, האָט געהאַט זיין טאַקטיק צו לאָזען זיצען אויף זייערע לענדער אַלע פעלקער, וועלכע ער האָט בעזיעגט. יעדער פאָלק האָט זיך געקענט האָבען איהר קעניג. ער האָט בלויז געוואָלט, אַז אַלע פעלקער זאָלען איהם אנערקענען פאר דעם קעניג פון אַלע קעניגע. און יעדער קעניג זאָל איהם צאָהלען צינז (טעקסעס). נאָר ווען דער קעניג האָט אין איהם וויעדערגע־שפעניגט און האָט אויפגעהערט צו צאָהלען איהם צינז, האָט ער איהם מיט זיין פאָלק שטרענג בעשטראָפט. אַזאַ קעניג איז געווען צדקיהו דער קעניג פון יהודה. דארום האָט נבוכדנאצר בעשטראפט אזוי שטרענג.

נור דאָך האָט ער בלויז פארטריבען די רייכע לייט מיט די בעאַמטע פון דער אידישער רעגיערונג. אָבער די אָרימע יהודים האָט ער געלאָזט אויף דער לאנד, וועלכע זאָלען זי בעארבייטען. איין אידען, וועלכער האָט געהייסען גדליה בן אחיקם, האָט ער גע־מאַכט פאר אַ הערשער אויף זיי. דעם נביא ירמיה האָט ער אויך געלאָזען מיט איהם.

איינער פון די אידישע פעלד־מארשאלס, וועלכער איז אַנט־לאָפען פון מלחמה און האָט זיך געראַטעט, האָט ניט פערגונען דעם גדליה׳ען, וואָס ער איז געוואָרען דער הערשער. ער איז איהם בעפאַלען אום ראש השנה און האָט איהם גע׳הרג׳עט. דער באַנדיט, דער מערדער האָט פערנומען אַלע מענער און פרויען, וועלכע האָבען זיך דאָרטען געפונען צוזאמען מיט דעם נביא ירמיה און איז אַנט־לאָפען מיט זיי. זייענדיג אין וועג האָט דער מערדער געמוזט אנטלויפען און לאָזען אַלע געפאנגענע אידען, ווייל אנדערע פעלד־מארשאַלס האָבען איהם נאָכגעיאָגט. ווען די געפאנגענע זיינען געוואָרען פריי, האָבען זיי געפרעגט ביי דעם נביא ער זאָל זיי זאָגען אין גאָט׳ס נאָמען, צו זיי זאָלען געהן קיין מצרים, אָדער אומ־קעהרען זיך אויף זייער לאַנד. דער נביא האָט זיי שטריינג גע־זאָגט, אַז זיי זאָלען זיך אומקעהרען צו זייער לאַנד. זיי האָבען איהם אָבער ניט געפאָלגט און האָבען געצוואונגען דעם נביא, ער זאָל אויך געהן מיט זיי אין מצרים.

קומענדיג אין מצרים האָט זיך דער נביא געבעטען ביי זיי, אַז זיי זאָלען אויפהערען דיענען צו דער זון מיט די שטערען און זאָלען דיענען בלויז צו גאָט, וועט ער זיי רעטען פון אַלע אומ־גליקען. האָבען זיי איהם געענטפערט: „כי עשה נעשה את כל

אשר יצא מפינו; לקטר למלכת השמים והסך לה נסכים, כאשר עשינו אנחנו ואבותינו, מלכינו ושרינו בערי יהודה ובחוצות ירושלים. ונשבע לחם ונהיה טובים, ומן אז חדלנו לקטר למלכת השמים והסך לה נסכים חסרנו כל, ובחרב וברעב תמנו" (ירמיה מ"ד י"ז), ד. ה. „מיר וועלען טהאָן אלעס וואָס מיר האָבען אויסגערעדט מיט אונזער מויל; מיר וועלען דעמפּפען צו דער קעניגין פון הימעל (די זון) און מיר וועלען צו איהר גיסען וויין, ווי מיר און אונזערע עלטערען מיט אונזערע קעניגע האָבען געטהאָן אין די שטעדט פון יהודה און אין די גאַסען פון ירושלים, זיינען מיר געווען זאַט מיט ברויט, אונז איז געווען גוט און קיין שלעכטס האָבען מיר ניט געזעהן. דען פון דער צייט, וואָס מיר האָבען אויפגעהערט דעמפּפען צו דער קעניגין פון הימעל און גיסען איהר וויין, פעהלט אונז אלעס און מיר צושטאָרבען פון שווערד און פון הונגער."

געפעלט אייך, מיינע טרייע, דער ענטפער פון די אידען? זאָגט אליין, וועט איהר זיי ניט רעכענען פאַר משוגעים, צו גלויבען אין אזעלכע דומהייטען, אז אויב זיי וועלען דעמפּפען צו דער זון און וועלען צו איהר גיסען וויין, וועט זיי די זון געבען אלעס וואָס זיי פערלאַנגען; אין דער צייט וואָס זיי האָבען געזעהן מיט זייערע אויגען, אז ווען זיי האָבען ניט געפאָלגט דעם נביא האָט זיי געטראָפען אלע אומגליקען? אָבער ניין, זיי זיינען ניט געווען משוגע, בלויז מיר זיינען בלינד אין די גאָטהייט. מיר זיינען אלט געוואָרען, מיר האָבען פערלאָרען אונזער יונגען פערשטאַנד. מיר מוזען אנערקענען, אז זייער פערשטאַנד אין די גאָטהייט איז געווען זעהר גרויס. זיי האָבען געוואוסט די קרעפטען פון דער זון, וויפיעל זיי ווירקען אויף דער עחד מיט אלע איהרע בעשעפעגישען. און זיי האָבען געהאט אזא גרויסען פערשטאַנד, ווי צו ווירקען אויף דער זון זי זאָל געבען איהר מאַכט מיט איהרע קרעפטען אין דער ערד און אויף אלע בעשעפענישען, איבערהויפט צו די, וואָס דיענען צו דער זון.

ירמיה האָט אָבער געהאט אַ העכערען פערשטאַנד פון די פאַלשע נביאים. ער האָט געוואוסט, אז די קרעפטען, וועלכע זיי מאַכען אז די זון זאָל בעשרענקען די עהד אָדער די לאַנד, וועלכע איהרע מענשען ברענגען צו איהר קרבנות, קענען מעהר ניט ווירקען אַ קליינע צייט, ווי קאַלטע ניט איבערגעזאָרענע וואַסער צו דעם מענש, וואָס האָט אַ היץ־קרייננק; וועלכע פערטרייבט זיין דורשט אויף דער ווייל, און דערנאָך שטאַרקט זיך אין איהם די היץ נאָך

מעהר, און די קריינק ווערט שטארקער, ביז ווען זי ברענגט אויף איהם דעם טויט.

מיר זיינען דאך איצט אלע געלערענטע. מיר האבען ביכער פון אלע וועלט־חכמים און פילאזאפען. האט איהר דען געפונען איינעם פון אלע חכמים, וועלכער זאל פערשטעהן ווי צו ווירקען אויף דער זון מיט די מזלות, אז זיי זאלען אונז געבען זייערע קרעפטען? ניין, מיר זיינען אלט, מיר האבען פערלארען דעם שכל מיט דעם פערשטאנד פון די מיטעלע יאהרען. עס געפינען זיך זעהר ווייניג אידען, וועלכע זאלען לערנען דעם תנ"ך. „וואס פאר א לימוד איז דער תנ"ך? זאגט דער איד. און די, וואס לערנען דעם תנ"ך, האבען קיין געפיהל ניט צו פערשטעהן דייטליך זייערע מיינונגען. דער איד וואס גלויבט זאגט: „איך פערשטעה ניט, אבער איך גלויב, אז זייערע רייד זיינען פון גאט". אבער דער ניט גלויבער זאגט: „איך פערשטעה און זעה, אז קיין גאט איז ניטא; דאס איז אליין פון דער נאטור, וועלכע מוז זיין, אבער קיין בחירה איז ניטא".

איך פרעג אייך אבער: אויב די נאטור, וועלכע האט גע־מאכט דעם מענשען, האט ניט קיין בחירה, טא ווי האט דער מענש בחירה? ווי קען געבען איין זאך דער צווייטער דאס, וואס זי האט אליין ניט?

## .12

## די ערד מיט די פלאנעטען און זונען ווי איין גרויסער מענש.

מיר ווייסען אלע, אז די ערד דרעהט זיך אימער ארום דער זון. זי טרעט קיין מאל ניט אראפ פון איהר וועג. יעדען טאג זעהען מיר ווי די זון געהט אונטער פארנאכט און אין דער פריה שיינט זי ווידער אויף. מיט דעם זעלבסט זעהען מיר, אז די טעג מיט די נעכט זיינען ניט אלע מאל גלייך. די טעג ווערען יעדען טאג גרעסער אין דער פריהלינגס־צייט און די נעכט ווערען קלענער, ביז עס קומט די צייט פון הערבסט. דאן ווערט דער טאג מיט דער נאכט גלייך. פון הערבסט־צייט הויבען אן די טעג ווערען קלענער און די נעכט גרעסער. פון איין פריהלינג ביז דעם צווייטען, דאס זעלבע פון איין הערבסט ביז דעם צווייטען, ווען דער טאג מיט דער נאכט ווערען גלייך, געדויערט דריי הונדערט מיט פינף און זעכציג טעג מיט זעקס שטונדען.

אויב די טעג מיט די נעכט ווערען קלענער און גרעסער, מוזען מיר פערשטעהן, אז די ערד דרעהט זיך ניט אימער אויף איין

פלאץ; נאָר יעדען טאָג געהט זי און דרעהט זיך ארום דער זון אויף איהר בעשטימטען וועג. דארום ווערען די טעג מיט די נעכט קלענער און גרעסער. אָבער ניט אונזער ערד אליין דרעהט זיך ארום דער זון. עס איז פאראן נאָך אזעלכע פלאנעטען ווי אונזער ערד, וועלכע זיינען טויזענדער מאָל גרעסער פון אונזער ערד און וועלכע דרעהען זיך אויך ארום דער זון. יעדער פלאנעט האָט איהר בעשטימטע צייט. עס גיבען אזעלכע פלאָנעטען, ביי וועלכע עס געדויערט ארומגעהן די זון אונזערע פינף און זיבעציג יאָהר, ד. ה. אז אונזערע פינף און זיבעציג יאָהר רעכענען זיך ביי יענע פלאנעטען איין יאָהר, דען אין דער זעלבער צייט וואָס יענע פלאנעטע געהט ארום די זון איין מאָל, איז אונזער ערד ארומ־געגאנגען די זון פינף און זיבעציג מאָל. מיר קענען לייכט פער־שטעהן, ווי ווייט יענע פלאנעטע איז פון דער זון. אָבער מיט דעם זעלבסט מוזען מיר אנערקענען, אז די זון איז די הערשערין פון אלע פלאנעטען און האלט זיי אלעמען. דען אלע פלאנעטען באשעפענעס, וועלכע מיר זעהען אויף דער ערד, סיי די וואקסונג, דרעהען זיך דאָך ארום איהר. מיט אזא אופן מוזען מיר פער־שטעהן, אז די זון איז די קאָפּ אָדער די הארץ פון די אלע פלא־נעטען מיט די שטערען, וועלכע דרעהען זיך ארום איהר, און זיי זיינען איהרע גליעדער. אלע צוזאמען רעכענען זיי זיך ווי איין גרויסער מענש, וועלכער בעשטעהט פון צוויי מינים: זכר און נקבה.

מיר ווייסען, אז די ערד, דרעהענדיג זיך ארום דער זון, געהט פארביי יעדען מאָנאט א בעזונדער מזל. יעדער מזל בעשטעהט פון פיעל שטערען, וועלכע ווייזען אונז אויס אין דעם געשטאלט פון א בעזונדערע לעבעדיגע בעשעפעניש. נאָך דער ערקלעהרונג פון איצטיגער אסטראָנאָמיע, ווייסען מיר, אז יעדער מזל בעזונדער בעשטעהט פון א סיסטעם פון שטערען און פלאנעטען, דאָס זעלבע ווי דער סיסטעם פון אונזער זון מיט איהרע שטערען און פלאנעטען. אין יעדער מזל איז פאראן א זון מיט פלאנעטען, וועלכע דרעהען זיך ארום יענער זון, דאָס זעלבע ווי די זון, ארום וועלכע אונזער ערד מיט איהרע פלאנעטען, וואָס דרעהען זיך ארום איהר. אויף אזא אופן מוזען מיר אנערקענען, אז די אלע מזלות, אלע זונען מיט זייערע פלאנעטען און קאָמעטען און פליהענדע שטערען האלטען אויף איינע די אנדערע. אין זיי איז פאראן אזעלכע קרעפטען, מיט וועלכע זיי ציהען און שלעפען איינע די אנדערע, דאָס זעלבע ווי די גליעדער פון דעם איינצעלנעם מענשען. יעדער

פלאנעטע, יעדער קאמעטע ארבייט פאר זיך זעלבסט, און מיט דעם העלפט זי און ברענגט נוץ צו די איבעריגע פלאנעטען און קאמעטען; ניט בלויז צו דעם סיסטעם פון דעם מזל וואס זי געפינט זיך, זאגאר אויך צו אלע איבעריגע מזלות, זונען און פלאנעטען. אלע מזלות צוזאמען בעשטעהען וויעדער ווי איין מענש, וועלכער בעשטעהט פון צוויי מינים זכר און נקבה. די מזלות מיט זייערע זונען און פלאנעטען זיינען אויך צוטהיילט אויף קלאסען מיט מינים, דאס זעלבע ווי אלע מאטעריעלע בעשעפעניסען, פלאנצונג און מעטאלען, וועלכע מיר זעהען אויף דער ערד.

טראץ דעם, וואס אונזער אויג זעהט מעהר ניט קיין שטערען, ווי די וועלכע אונזער אויגענבליק דערגרייכט, דאך מוזען מיר פערשטעהן, אז עס איז דא העכערע זונען מיט העכערע פלאנעטען און קאמעטען, וועלכע האלטען אויף די זונען און פלאנעטען, וועלכע מיר זעהען זיי אין דעם אויסזעהן פון קליינע שטערען. מיר זאגען, אז די זון מיט די שטערען זיינען אין דער הויך, אבער אין דער ווירקליכקייט זיינען די שטערען אום און אום, אין אלע זייטען פון דער וועלט: אונטען און אויבען, אין אלע זייטען פון דער וועלט זיינען פאראן זונען מיט פלאנעטען און אלערארט שטערען גרויסע און קליינע, אין דעם גאנצען הימעל־אפגרונד. מיר זעהען די שטערען ביינאכט, ווען די ערד דרעהט אונז איבער מיט'ן קאפ אראפ, דוכט זיך אונז, אז מיר זעהען די שטערען מיט דער לבנה אין דער הויך. דאס זעלבע איז בייטאג, ווען מיר דרעהען זיך איבער מיט דער קאפ אנטקעגען דער זון, זעהען מיר די זון אין דער הויך. פארנאכט און אין דער פריה זעהען מיר די זון אדער די לבנה אין דער זייט. דערפון קענען מיר פערשטעהן, אז אין אלע זייטען אין דעם גאנצען הימעל־אפגרונד איז פאראן זונען מיט פלאנעטען אהן א ברעג און אהן א סוף, וועלכע שלעפען און האלטען אויף איינע די אנדערע.

מיין מיינונג איז, אז די זון איז אלע מאל אין דער הויך און די ערד דרעהט זיך אונטען א צווייענדיגען רונד: יעדען טאג דרעהט זי זיך איבער ארום זיך, ווייל די זונען מיט די פלאנעטען, וועלכע שטעהען פון אויבען און פון אונטען און פון די זייטען ווי א רונדע ראד שלעפען זי צוזאמען מיט אלע פלאנעטען פון אונזער זון־סיסטעם. דארום ווערט טאג און נאכט. דאס זעלבע דרעהט זי זיך ארום דער זון דריי הונדערט פינף און זעכציג טעג, ווייל די מזלות שלעפען זי צו זיך, יעדער מזל א בעזונדער מאנאט. ווייל די מזלות זיינען אויך צושטעלט געווארען אין א קייל־עכדיגער רונדער ראד. דארום ווערען די טעג מיט די נעכט קלענער און

גרעסער. די זונען מיט די פלאנעטען מיט די שטערען, וועלכע געפינען זיך אין דעם גאנצען הימעל־אפגרונד, געפינען זיך נאך זייער אויסשטעלונג ווי רעדער אין רעדער, וועלכע דרעהען זיך אימער אין אלע פיער זייטען. איינע שלעפען די צווייטע אהן און אויפהער. איינע ביי די אנדערע געפינען זיך ווי אברים אין גליעדער, און אלע צוזאמען זיינען ווי איין גרויסער מענש, וועלכער בעשטעהט פון זכר און נקבה.

אט דאס איז נאך מיין מיינונג דער סוד פון דער מרכבה, וועלכע דער נביא יחזקאל האט געזעהן, ווי ער בעשרייבט זיי אין דעם ערשטען קאפיטעל, אז יעדער פון זיי האט דעם געשטאלט פון פיער מינים: א מענש, א לייב, אן אקס מיט אן אדלער. אבער גאר פון אנפאנג שרייבט ער, אז אלע צוזאמען האבען דעם געשטאלט פון א מענש. ער שרייבט אויך, אז זיי דרעהען זיך אין אלע פיער זייטען. „על ארבעת רבעיהן בלכתם ילכו“, ד. ה. אין אלע פיער זייטען געהען זיי זייער גאנג. דען מיר זעהען דאך, אז אונזער ערד דרעהט זיך אויך אין צוויי וועגען.

מיר מוזען צוגעבען, אז יעדער פלאנעטע האט שכל און פער־שטאנד. דארום שרייבט אונזער תורה (מסעי ל״ה ל״ג): „ולארץ לא יכפר לדם אשר שפך בה כי אם בדם שופכו“, ד. ה. ווען א מענש הרג'עט דעם צווייטען, מוז מען דעם מערדער הרג'ענען. דען די ערד קען מען ניט איבערבעטען פאר די בלוט וואס מ'האט אויף איהר אויסגעגאסען, מעהר נישט ווי מיט די בלוט פון דעם מערדער. זאגאר מיר קענען דאס ניט פערשטעהן, ווי האט דאס די ערד אדער א פלאנעטע שכל. מיר ווייסען דאך אבער, אז מיר מענשען האבען יע שכל און פערשטאנד. קענען דען מיר פערשטעהן, ווער האט דאס אין אונז דעם שכל מיט דעם פערשטאנד? ווער טראכט דאס אין אונז? ווער זעהט? ווער הערט? אבער דאך ווייסען מיר, אז מיר זעהען און הערען און טראכטען. דאס זעלבע קענען מיר ניט פערשטעהן פאר וואס יענער קען זינגען און איך ניט: יענער פערדיענט געלד און איך ניט, יענער איז א גוטער אדער א שלעכטער און איך ניט, מיר געהען אין דעם זעלבען אוניווערזיטעט, מיר לערנען איין זאך, יענער פערשטעהט גוט און געדענקט וואס ער לערענט און איך ניט. גוואלד! איך האב דאך אויך א קאפ, א מויל, אויערען, א הארץ מיט הענט. פאר וואס בין איך ניט ווי יענער? איז דאס וואס איך זעה און הער און טהו, קען איך ניט פערשטעהן, טא ווי זאל איך פערשטעהן די זאך וואס איך זעה ניט און הער ניט און טהו ניט? אבער דאך זעהען מיר, אז יעדער מענש ווייס און פערשטעהט מעהר אדער ווענינער. פון

וואנען און פון וואס איז דער מענש געווארען? פון דער ערד. מוזען מיר דאך צוגעבען, אז די ערד האט אין זיך אלע כחות מיט אלע געפיהלען, וועלכע אלע מענשען צוזאמען האבען. די ערד איז איינע פון די פלאנעטען, וועלכע דרעהען זיך ארום דער זון. איז אויב די ערד האט אלע כחות מיט געפיהלען, מוזען מיר דאך פערשטעהן, אז אלע פלאנעטען האבען אין זיך די זעלבע כחות מיט די זעלבע געפיהלען. בלויז מיר קענען דאס ניט פערשטעהן מיט אונזער שטיקעל בעגרעניצטען שכל. פיעלייכט זיינען זיי אויך צוטהיילט אויף צוויי קלאסען: רויבענדע און שטילע, דאס זעלבע ווי אלע לעבעדיגע בעשעפעניש. אויף אונזער לעבען האבען מיר בעמערקט, אז די ערד שלעפט צו זיך צו מעטעארען, דאס זיינען די פליהענדע שטערען. יעדער מענש האט געוויס געזעהן, ווי א שטערען פליהט דורך אין הימעל און ווערט פער־שוואונדען אין איין אויגענבליק. די אסטראנאמיע האט אויס־געפונען, אז די פליהענדע שטערען זיינען גרויסע שטיקער ערד, וועלכע פליהען אום אין גאנצען אוניווערזום אהן א צאהל. די ערד האט ארום זיך פיעלע אוירים. דער אויר וואס איז נאהענט צו דער ערד איז זעהר גראב און געדיכט. ער דערגרייכט ביז דעם וואלקען. דארטען איז דער אויר שיטער און קאלט. אזוי איז העכער און העכער זיינען די אוירים שיטער און קעלטער פון דעם אונטערשטען אויר וואס איז נעהנטער צו דער ערד. דאס איז די סיבה וואס בייטאג קענען מיר ניט קוקען אויף דער זון, און זי ווייזט אונז אויס העל און קליין, ווייל בייטאג קוקען מיר אויף איהר דורך דעם שיטערען אויר, אבער פארנאכט קוקען מיר אויף איהר דורך דעם עכטען געדיכטען אויר, ווי די הויך פון דעם מענש. דער אויר פערשטעלט די שטראהלען פון דער זון, און זי בעקומט א רויטען קאליר. ווען די קליינע שטערען פליהען דורך דעם העכסטען אויר פון דער ערד, צינדען זיי זיך אן פון די ברע־נענדע שטאפען, וואס געפינען זיך אין דעם אויר פון דער ערד, אבער מאמענטאל פליהען זיי דורך יענעם אויר און פערלעשען זיך. ווען אבער יענע שטערען פליהען דורך דעם אויר וואס איז נעהנטער צו דער ערד, שלעפט זיי די ערד צו זיך מיט דעם כח המושך וואס זי האט אין זיך צו איהר מין. די שטערען צורייסען זיך און פאלען ארונטער אויף דער ערד אין קליינע שטיינדעלעך. דאס הייסט, אז אונזער ערד שלינגט איין יענע קליינע שטערען. אויב אזוי, קענען מיר רעכענען אונזער ערד פאר א רויבענדער פלאנעט. אבער מיר קענען דאס ניט פערשטעהן ריכטיג.

.13

## ווענען מלאכים און גייסטיגע בעשעפענישען, אלע גייסטיגע ווי איין מענש.

ווי מיר האבען ערקלעהרט ביז איצט, ווייסען מיר, אז אלע בעשעפענישען, וועלכע מיר זעהען מיט אונזערע אויגען, פון די קלענסטע ביז די גרעסטע זיינען אלע צוטהיילט אויף צוויי קלאסען: רויבענדע און שטילע. יעדער קלאס איז צוטהיילט אויף מינים, וועלכע געהען מדרגות־ווייז, ביז אזא מין, וועלכער קומט אויס דער פערמיטלער פוןביידע קלאסען. דאס הייסט אזא מין, וואס האט אין זיך די עהנליכקייט מיט די זיטען פון ביידע מינים. אויסער דעם, וואס די בעשעפענישען זיינען צוטהיילט מדרגות־ווייז אויף מינים און קלאסען, בעמערקען מיר אין זיי, אז זיי זיינען ניט גלייך אין זייערע מאטעריעלע עלעמענטען, דאס זעלבע ווי זיי זיינען פערשיעדען אין געשטאלט און אינסטינקט. כאטש מיר ווייסען, אז אלע בעשעפענישען בעשטעהען פון פיער עלע־מענטען: פייער מיט וואסער, ערד און ווינד, דאך געהען זיי מדרגות־ווייז אין זייערע עלעמענטען אויך. עס איז פאראן בע־שעפענישען, וועלכע האבען אין זיך ערד מעהר ווידער אלע איבע־ריגע עלעמענטען, פייער מעהר פון וואסער, וואסער מעהר פון ווינד. און עס גיבען בעשעפענישען, וועלכע האבען אין זיך וואַ־סער מעהר און פייער וועניגער, ערד נאך וועניגער און ווינד ווע־ניגער פון אלע א. ז. וו. איין עלעמענט געפינט זיך אין דער בעשעפעניש מעהר און אין דער צווייטער וועניגער, דאס זעלבע ווי די וויסענשאפט און קונסט מיט אלע זיטען זיינען ביי יעדער בעשעפעניש פאראן צו ביסלעך און געהען מדרגות־ווייז, אזוי זיינען די בעשעפענישען אפגעטהיילט מדרגות־ווייז אין זייערע עלעמענ־טען. די אלע מעטאלען פון דער ערד בעשטעהען איבערהויפט פון ערד. בלויז זיי געהען אויך מדרגות־ווייז. מיר קענען ניט גלייכען בליי מיט בלעך און זילבער מיט גאלד. מיר ווייסען, אז בליי צושמעלצט גיכער פון בלעך, זיי ביידע צושמעלצען זיך גיכער פון זילבער און גאלד. פון דעם איז אונז לייכט צו פערשטעהן, אז זייערע עלעמענטען זיינען ניט גלייך איינע צו די צווייטע. אין איינע איז פאראן פייער מעהר פון די צווייטע. אבער דאך זעהען מיר, אז דער גרעסטער טהייל פון זיי איז ערד, אדער בעסער געזאגט זיי זיינען דורכאויס ערד און א קליין ביסעלע ווינד מיט פייער. דערנאך זעהען מיר שטיינער, וועלכע זיינען אויך ערד, דאך איז אין זיי פייער מעהר ווי אין מעטאלען. נאך די שטיינער

געפינען זיך פלאנצונג, וועלכע האבען אין זיך אלע פיער עלעמענ־
טען, אבער איז אין זיי פאראן פערשיעדענע פלאנצונג. פאראן
אזעלכע, וואס האבען אין זיך וואסער מעהר, און עס גיבען אזעלכע,
וואס אין זיי איז פייער אדער ווינד מעהר. ערד געפינט זיך אין
אלע פלאנצען זעהר ווענינ. דען מיר זעהען דאך מיט אונזערע
אויגען וויפיעל עס בלייבט אש פון א צוברענטען גרויסען בוים.

אין די לעבעדיגע בעשעפענישען זעהען מיר אויך דאס זעלבע,
אז זיי זיינען ניט גלייך אין זייערע עלעמענטען. עס גיבען בע־
שעפענישען, וועלכע האבען אין זיך איבערהויפט ערד, און עס גיבען
אזעלכע, וואס האבען אין זיך מעהר ווינד. אין די וואסער־בע־
שעפענישען איז פאראן אזעלכע פיש, וועלכע האבען אין זיך אזוי
פיעל עלעקטרי, אז דער וואס נעהמט זיי אין האנד איז ווי ער
וואלט גענומען דעם טאק פון עלעקטרי. עס הויבען איהם אן צו
טרייסלען אלע גליעדער פון קערפער. דא אין אמעריקא האב איך
געזעהן פליעגען, וועלכע האבען אין זיך אזוי פיעל פאספאר, אז
ווען זיי פליהען דוכט זיך אוים ווי פונקען פליהען אום אין לופט.
ווען איך בין געווען אין רוסלאנד, האב איך געזעהן אזעלכע ווערים,
וועלכע שיינען ביינאכט. אט די פליגען מיט די ווערים זיינען
פאר אונז א ריכטיגע איבערצייגונג, אז אלע לעבעדיגע בעשעפע־
נישען זיינען ניט גלייך מיט זייערע עלעמענטען. דארום מוזען
זיי האבען בעזונדערע געפיהלען מיט בעזונדערע אינסטינקטען,
וועלכע געהען אויך מדרגות־וויז, נאך דעם אומשטאנד פון זייערע
קערפערליכע עלעמענטען. יעדער מין ביי זיך זעלבסט מיינט, אז
ער איז דער בעסטער, דער שעהנסטער, דער וואהלטהעטיגסטער
און פיעלייכט אויך דער קליגסטער פון אלע איבעריגע בעשעפע־
נישען. דען מיר זעהען, אז איין מין האט ניט קיין געפיהל פון
ליעבע צו דעם צווייטען מין.

די אלע מאטעריעלע בעשעפעניסען זעהען מיר, אז אין זיי
איז פאראן גאר גרויסע, ווי די ערד זעלבסט, און קלענערע מיט
גאר קליינינקע, ביז אזעלכע קליינע בעשעפענישען, וואס אונזער
אויג קען זיי קוים זעהן. מיר ווייסען, אז עס זיינען פאראן מיק־
ראבען און באצילען וועלכע פערשאפען דעם מענשען אדער אנדערע
בעשעפעניסען פיעל שאדען. די מיקראבען און די באצילען קענען
מיר מיט אונזער אויג ניט זעהן, בלויז דורך די הילף פון א מיקרא־
סקאפ, וועלכער פערגרעסערט די אויסזעהונג פון יעדער זאך טוי־
זענדער מאל וויפיעל מיר זעהען מיט אונזער אויג. די באצילען
און מיקראבען ווייסען מיר, אז זיי ווערען פון א שלעכטער לופט.
דארום מוזען מיר פערשטעהן, אז פון ווינד ווערען אויך בעשע־

פעגישען. די ווינדליכע בעשעפעגישען זייגען אויך פערשיעדען אין זייערע עלעמענטען. עס מוזען זיין אזעלכע ווינדליכע בעשעפענישען, וועלכע זייגען דער צוויישענשייד פון די ווינדליכע ביז די קערפערליכע מאטעריעלע בעשעפעגישען. זייער הויפט־עלע־מענט בעשטעהט פון דעם געדיכטען לופט, און עס מוזען זיין גייסטיגע דיענער פון די א. ז. וו. ביז אזעלכע גייסטיגע וואס מיר מענשען קענען גאר קיין בעגריף ניט האבען. דאס זעלבע זייגען פאראן בעשעפעגישען פון פייער, וועלכע זייגען אויך ניט גלייך אין זייערע עלעמענטען. עס מוזען געבען אזעלכע גייסטיגע, וועלכע בעשטעהען פון פייער מיט ווינד, אדער פון ווינד מיט פייער. די פייערדיגע גייסטיגע זייגען מדרגות־ווייז: פון זיי מוז אויך זיין אזעלכע פייערדיגע, וועלכע קומען אוים דער צוויישענשייד פון פייערדיגע ביז קערפערליכע, ביז אזעלכע פייערדיגע וואס מיר קענען גאר קיין בעגריף ניט האבען. דאס זעלבע איז אין זיי פאראן אזעלכע, וואס זייגען די פערמיטלער פון פייערדיגע ביז ווינדליכע. טראץ דעם וואס מיר קענען ניט פערשטעהן ווי אזוי ביי די גייסטיגע זייגען פאראן זכר און נקבה, דאך מוזען מיר אנערקענען, אז זיי האבען אין זיך אויך די קראפט פון צוציהונג און ליעבע. אויב ניט אזא קערפערליכע ליעבע ווי מאטעריעלע בעשעפעגישען, האבען זיי אן אנדער געפיהל, וועלכער ציהט זיי אייגער צום צווייטען. מיר ווייסען און מיר זעהען, אז יעדער לעבעדיגע בעשעפעניש האט א געפיהל פון ליעבע בלויז צו איהר מין. קענען מיר דען פערשטעהן ווער ציהט דאס איינע צו דעם אנדערען? ווער וויל דאס אין אונז זעהן? הערען? עסען? א. ז. וו. מיר ווייסען, אז די אלע געפיהלען מיט אינסטינקטען זייגען ביי אונז פאראן, אבער ווער און ווי אזוי אין אונז ערוועקען זיך די געפיהלען פערשטעהען מיר ניט. טא ווי אזוי זאלען מיר פער־שטעהן די צוציהונג און די קראפט פון ליעבע ביי די גייסטיגע? דער געפיהל פון ליעבע געפינט זיך אין דער גאנצער נאטור־וועלט. ווען זיי וואלטען ניט געהאט דעם געפיהל, וואלטען מיר איהם אויך ניט געהאט.

אין די קערפערליכע מאטעריעלע בעשעפענישען זעהען מיר, אז זיי זייגען פערשיעדען אין זייער געשטאלט. די וואסערדיגע זייגען ניט גלייך מיט די פליהענדע. די פליהענדע זייגען ניט גלייך מיט די געהענדע. אין די געהענדע איז פאראן פיער־פיסיגע און צוויי־פיסיגע, עס איז פאראן אומקריכענדע, וועלכע האבען ניט קיין פים צו געהן און ניט קיין פליגלען צו פליהען. מיט

אזא אופן מוזען מיר דאָך אָנערקענען, אַז אין די גייסטיגע זיינען אויך פאַראַן די אַלע געשטאַלטען ביז דעם גייסטיגען מענשען. זיי געהען אויך מדרגות־ווייז ניט בלויז אין זייערע עלעמענטען, נאָר אויך אין זייערע געשטאַלטען. אויף אַזאַ אופן מוזען מיר פערשטעהן, אַז עס איז פאַראַן גייסטיגע אין דעם געשטאַלט פון מענשען, וועלכע געהען אויך מדרגות־ווייז אין זייערע עלעמענטען. פאַראַן מלאָכים גייסטיגע פון פייער מיט ווינד, וועלכע האָבען דיקערע עלעמענטען, און עס איז פאַראַן מלאָכים פון אַזעלכע דינע עלעמענטען, וואָס מיר קענען קיין בעגריעף ניט האָבען. דאָס זעלבע ווי אין די מאַטעריעלע בעשעפענישען געפינען זיך צוויי קלאַסען: רויבענדע און שטילע, מוזען זיין אין די גייסטיגע אויך די זעלבע צוויי קלאַסען רויבענדע און שטילע. אָדער ווי אונזערע אור־עלטערען רופען זיי: גוטע מלאָכים און שלעכטע מלאָכים.

די מלאָכים בעשטעהען פון גרופען מיט אַרטען, דאָס זעלבע ווי אַלע קערפערליכע בעשעפענישען. יעדער גרופע בעשטעהט פאַר זיך זעלבסט ווי איין מענש. אין יעדער גרופע געפינען זיך אַזעלכע מלאָכים, וועלכע רעכענען זיך די קאָפּ פון זייער גרופּע. דאָס זעלבע זיינען פאַראַן מלאָכים, וועלכע רעכענען זיך אויגען, האַרץ מיט אַלע אונטערשטע אברים פון זייער גרופע. די מלאָכים, וועלכע רעכענען זיך די קאָפּ פון דער ניעדריגסטער דיקערער גרופע, קומען אוים פערמיטלער צווישען די מלאָכים, ביז די מלאָכים פון דער העכערער גרופע, דען די ניעדריגסטע מלאָכים פון דער העכערער גרופע זיינען ניט אין ערך גלייך צו די קעפּ פון דער אונטערשטער גרופע. די קעפּ־מלאָכים פון דער אונטערשטער גרופע האָבען ניט קיין געפיהל און בעגריעף, זאָגאַר אין ניעדריגסטען מלאָך פון דער העכערער מדרגה. דאָס זעלבע ווי דער גאָרילאַ אָדער דער אָראַנגוטאַנג, וועלכע רעכענען זיך די קאָפּ פון די פיער־פיסיגע חיות, האָבען ניט קיין בעגריעף אין דעם פּראָסטען ניעדריגסטען איינפאַכען מענשען, וועלכער רעכענט זיך גאָר דער ניעדריגסטער אבר פון זיין מענשליכער גרופּע, צו וועלכער ער בעלאַנגט.

דארום איז גאָר קיין וואונדער ניט, אַז אונזערע עלטערען אברהם, יצחק און יעקב מיט אַלע אונזערע נביאים האָבען געזעהן מלאָכים אין דעם געשטאַלט פון מענשען. בלויז ניט אַלע האָבען געהאַט דעם געפיהל מיט די קרעפטען צו זעהן גלייך. ווער עס האָט געהאַט אַ העכערען געפיהל, יענער האָט געקענט זעהן די העכערע אונבעגרייפליכע מלאָכים, און דער וואָס האָט געהאַט אַ קלענערען געפיהל, האָט בלויז געקענט זעהן די מלאָכים, וועלכע זיינען פון אַ דיקערען עלעמענט. דאָך האָבען זיי געקענט זעהן

דאָס, וואָס מיר איצטיגע מענשען קענען גאָר קיין בעגריף ניט האָבען.

דער תלמוד זאָגט אויך, אז דער נביא יחזקאל איז געווען ווי א מענש פון א קליין שטעדטעל, וועלכער האָט קיין מאָל ניט געזעהן דעם קעניג מיט זיינע גענעראַלען און מיליטער. ווען ער איז געקומען אין דער הויפּט־שטאָדט און האָט דערזעהן דעם קעניג מיט זיינע מיליטער, איז ער ענטציקט געוואָרען און האָט דאָס דערצעהלט פאר אלעמען מיט גרויס בעגייסטערונג. אָבער דער נביא ישעיה איז געווען ווי א מענש, וועלכער זיצט אין דער הויפּט־שטאָדט שטענדיג און זעהט אָפט דעם קעניג מיט אלע זיינע מיניסטאָרען, איז ער ניט אזוי בעגייסטערט ווען ער זעהט דאָס, ווייל ביי איהם איז דאָס א געוועהנליכע זאַך.

דער וואָס בעטראַכט אונזער תורה מיט די נביאים מיט א ריכטיגען זינען, קען לייכט זעהן, אז אונזערע אור־עלטערען האָבען אלע בעשטימט גלייך ווי אלע אוראלטע פעלקער, וועלכע האָבען געלעבט אין יענע פארצייטיגע יאָהרען, אז אויף יעדער זאַך וואָס געפינט זיך אויף דער ערד, סיי לעבעדיגע און סיי ניט לעבעדיגע, איז פאראַן א בעזונדער מלאך. בלויז מיר אידען זאָגען, אז דאָס איז נאָר א מלאך אָבער ניט א גאָט. די אַנדערע פעלקער האָבען געזאָגט, אז דאָס זיינען בעזונדערע געטער. אָבער וואָס איז דער אונטערשיעד פון דעם נאָמען? דאַך האָט דאָס דעם זעלבען מיינונג פון א קליינעם גאָט. די תורה שרייבט, אז ווען גאָט האָט זיך בעוויזען צו משה'ן דעם ערשטען מאָל, האָט משה ביי איהם געפרעגט: „ווי רופט מען דיך?" דאָס צייגט אונז, אז משה האָט גערעכענט (אָדער געוואוסט), אז ס'זיינען פאַראַן פיעל געטער. און יעדער פאָלק האָט א בעזונדער גאָט. דען אויב ער וואָלט קלעהרען, אז מעהר ווי איין גאָט איז ניטאָ, דאַרף ער דאַך ניט האָבען קיין אַנדער נאָמען ווי בלויז „גאָט". קענען מיר דען פרעגען ביי וואַסער, ווי רופט מען דיך? אלע וואַסערען רופען זיך מיט איין נאָמען „וואַסער". דאָס זעלבע איז מיט ווינד און פייער. זיי דאַרפען אויך ניט האָבען קיין פערשיעדענע נעמען, ווייל זיי זיינען בלויז איין זאַך. ווען גאָט וואָלט געווען בלויז איינער, דאַרף ער דאַך מעהר ניט האָבען ווי דעם נאָמען „גאָט". גאָט זעלבסט האָט געזאָגט משה'ן, אז ער איז דער גאָט פון די „עברים". גאָט ווייס דאַך געוויס, אז ער איז בלויז איינער, טאָ פאר וואָס האָט ער געזאָגט משה'ן, אז ער איז בלויז דער גאָט פון די עברים? קיין אידען זיינען דאַך דאַמאָלס ניט געווען, דען די אידען זיינען ערשט געוואָרען א פאָלק ווען זיי זיינען אַרויס פון מצרים.

ביי אברהם׳ען געפינען מיר, אז גאָט האָט איהם געהייסען ער זאָל זיין זוהן יצחק׳ען ברענגען פאר א קרבן. דערנאָך איז געקומען א מלאך און האָט איהם אָפּגעהאַלטען.

דאָס זעלבע שרייבט די תורה וועגען בלעם׳ען, אז גאָט האָט איהם געהייסען געהן צו דעם קעניג פון מואב, וועלכער האָט איהם גערופען צו שעלטען די אידען. און ווען ער איז געוועזען אין וועג איז געקומען א מלאך און האָט איהם פערשטעלט דעם וועג ער זאָל ניט געהן. האָט זיך דען גאָט געוואָלט רייצען מיט בלעם׳ען?

ווען גאָט האָט געזאָגט צו משה׳ן דעם ערשטען מאָל אין פ׳ משפטים, אז ער וועט שיקען פאר איהם זיין מלאך און וועט פערטרייבען דעם כנעני פון זיין לאנד, האָט משה קיין וואָרט ניט גערעדט. ער האָט דאָס אָנגענומען פאר זעהר גוט. אָבער ווען ער האָט איהם געזאָגט דעם צווייטען מאָל אין פ׳ כי תשא, אז ער וועט מיט איהם שיקען א מלאך, האָט משה זיך געבעטען ביי גאָט ער זאָל מיט איהם זעלבסט אליין געהן; ער וויל דעם מלאך ניט קענען, ער וויל ניט, אז די אידען זאָלען זיין גלייך מיט אלע פעלקער פון דער ערד. פון די ווערטער קענען מיר פערשטעהן, אז ווען משה איז געוועזען אויף דעם בארג סיני פערציג טעג האָט ער בעקומען א העכערען געפיהל אין די גאָטהייט. ער האָט פערשטאנען, אז א מלאך איז אויך ניט אייביג, א מלאך געהט אויך אונטער ווי א מענש, און ווי דער מלאך פון דעם פאָלק געהט אונטער, מוז זיין פאָלק אויף דער ערד אויך אונטערגעהן, דען בלויז גאָט אליין איז אייביג. משה האָט געוואָלט, אז דאָס אידישע פאָלק זאָל קיין מאָל ניט אָפּגעמעקט ווערען פון דער ערד, דארום האָט ער ניט געוואָלט קיין מלאך ווי אלע פעלקער, נאָר אז גאָט אליין זאָל מיט זיי געהן. גאָט האָט איינגעוויליגט און האָט פערזיכערט משה׳ן, אז ער וועט מיט זיי געהן. דעריבער איז דאָס אידישע פאָלק געבליבען גאַנץ פון אלע אור־אלטע פעלקער, און עס וועט קיין מאָל ניט אונטערגעהן. ווי דער נביא מלאכי קאפּ. ג׳ זאָגט: „אני ה׳ לא שניתי ואתם בני יעקב לא כליתם״ — איך גאָט בין ניט געוואָרען אנדערש און איהר אידען וועט קיין מאָל ניט פערלענדט ווערען. די זעלבע ווערטער האָבען געזאָגט פיעלע נביאים מיט אן אנדער אויסשפּראך.

דאָ זעהען מיר דייטליך, אז אונזער תורה זאָגט, אז יעדער פאָלק האָט א בעזונדער מלאך אין הימעל, וועלכער זעהט בלויז צו העלפען זיין פאָלק, אויף וועלכען ער איז דער הערשער.

נאָך דייטליכער זעהען מיר די ריכטיגקייט פון דיעזער מיינונג, ווען מיר לעזען אין דברי הימים ב׳ קאפּיטעל כ״ח די ווערטער,

וועלכע אחז, דער קעניג פון יהודה, האָט געשריבען צו אוריה דעם כהן גדול. נאָך דעם ווי דער קעניג פון ארם האָט איהם בעזיעגט און אחז דער קעניג פון יהודא איז געפאָהרען צום קעניג פון אשור אין דער שטאָדט דמשק צו דאנקען איהם פאַר זיין הילף, האָט ער געשיקט צו אוריה דעם כהן גדול דעם געשטאַלט פון דעם מזבח, אויף וועלכען די ארם ברענגען קרבנות צו זייער גאָט און האָט איהם געהייסען ברענגען קרבנות צו דעם גאָט פון ארם, דען ער האָט געזאָגט: „די געטער פון ארם העלפען זיי צו שלאָגען מיך; וועל איך ברענגען קרבנות צו זייערע געטער, וועלען זיי מיר אויך העלפען".

האָס זעלבע לעזען מיר אין מלכים א׳ י״ט, אז ווען דער אידישער קעניג אחאב האָט בעזיעגט די ארם האָבען די ארם געזאָגט, אז „דער אידישער גאָט איז א גאָט אויף בערג, דארום האָבען די אידען אונז בעזיעגט".

דניאל, וועלכער איז געווען אין בבל מיט די אידען, וועלכע נבוכדנאצר האָט פערטריבען פון זייער לאנד, האָט זאָגאר אָנגע־רופען די מלאָכים, וועלכע הערשען אויף די אידען מיט בעזונדערע נעמען. ווי ער שרייבט אין קאפיטעל י׳, אז דער מלאך גבריאל, וועלכער איז דער גוט־זאָגער (מליץ יושר) פון די אידען, האָט געזאָגט דניאל׳ן: „שוין איין און צוואנציג טעג ווי ער שטעהט נעבען די מלאָכים, וועלכע העלפען דעם פערסישען קעניג, און קיין אנדער מלאך העלפט איהם ניט צו זאָגען א גוט וואָרט פאַר די אידען, בלויז מיכאל, וועלכער איז דער הערר פון די אידען, איז איהם געקומען צו הילף. גבריאל און מיכאל זיינען אידישע מלאָכים און ניט פון אנדערע פעלקער. די, וועלכע בעריהמען זיך, אז גבריאל האָט מיט זיי גערעדט, זאָגען ניט אמת. די מלאָכים, וועלכע הערשען איבער די אנדערע פעלקער, האָט ער געזעהן אין דעם געשטאַלט פון פערשיעדענע חיות, וועלכע האָבען זיך געשלאָגען צווישען זיך, ביז וואנען איינער דעם אנדערען האָט געטויטעט.

דער נביא זכריה בן ברכיה, וועלכער איז געווען פון די לעצטע אידישע נביאים, אין דער זעלבער צייט פון דניאל׳ן, האָט געזעהן די מלאָכים פון די אנדערע פעלקער אין דעם געשטאַלט פון פער־שיעדענע קאָלירטע פערד. דניאל און זכריה בן ברכיה זיינען געווען די לעצטע אויף דער ערד, וועלכע האָבען געזעהן די ערשיי־נונג פון מלאָכים. דער נביא מלאָכי, וועלכער איז געווען גאָר דער לעצטער פון אלע נביאים, האָט געזאָגט אין דעם שלום פון זיינע

נביאות: „זכרו תורת משה עבדי, אשר צויתי אותו בחרב", ד. ה. געדענקט די תורה פון מיין קנעכט משה, וועלכע איך האב איהם פערזאגט אויף דעם בארג חרב.

קענט איהר, געבילדעטע און אויפגעקלעהרטע פון איצטיגער צייט, זאגען, אז אזוי פיעל מענשען מיט אזעלכע ערהאבענע גע־פיהלען פון א טויזענד־יעהריגער עפאכע, וועלכע האבען אונז גע־לאזען אזא גרויסען פערשלאסענעם אוצר מיט וויסענשאפט, זאלען זיך דאס איינרעדען אזא דומע פאנטאזיע, אז זיי זעהען גאט מיט מלאכים און זיי זאגען זיי וואס עס וועט טרעפען און פאסירען אין דער קינפטיגער צייט? איהר לעזט דאך זייערע שריפטען, פערשטעהט איהר דען ריכטיג זייער מיינונג? האט איהר דען נאך אזעלכע ביכער, וועלכע זאלען זיין געשריבען מיט אזא פראכט־פאלער שפראך און לאגיק? לעזט כאטש דעם איין ספר איוב. דאס האבען דאך געשריבען און גערעדט מענשען, וועלכע האבען קיין מאל קיין בוך אין די אויגען ניט געזעהן, טא פון וואנען האט זיך אין זיי גענומען אזא גרויסער טאלאנט? מיר לעזען דאך איצטער זייערע ביכער מיט נאך מיליארדען ביכער פון אלע גע־לערענטע מענשען. פאר וואס זשע האבען מיר ניט אזא שפראך מיט אזא לאגיק? ניין, ברידער, מיר מוזען אנערקענען, אז מיר זיינען אנטקעגען זיי ווי פליגען.

נאך די נביאים זיינען געקומען די תלמוד'יסטען און האבען אונז געזאגט די נעמען פון פיעל מלאכים, וועלכע יעדער פון זיי האט א בעזונדער אמט אין דער וועלט. זאגאר דעם נאמען פון דעם מלאך, וועלכער איז דער הערר איבער אלע בייזע מלאכים, האבען זיי אונז אויך געשריבען, אז ער הייסט סמאל און זיין ווייב לילית. זיי האבען אויסגעדריקט דייטליך זייער מיינונג מיט דיעזע ווערטער: „מלכותא דארעא כעין מלכותא דרקיע", ד. ה. אז די ערדליכע רעגיערונג איז אין דעם גלייכען פון דער הימעלשער רעגיערונג. אויף דער ערד האט יעדער לאנד א קעניג. דער קעניג איז דער הערשער פון דעם גאנצען לאנד. דער קעניג האט ביי זיך זיינע קלוגע מענשען, מיט וועלכע ער האלט זיך עצות ווי צו פיהרען זיין לאנד. אונטער דעם קעניג געפינען זיך מיניס־טארען. איין מיניסטער איז דער הערשער פון אלע ריכטער. אין יעדער געריכט־הויז איז פאראן גוט־זאגער (מליצים) און שלעכט־זאגער (מקטרגים). איין מיניסטער אויף די מיליטער, אויף די ימים און טייכען, אויף די וועלדער, אויף פאליציי א. ז. וו. אונטער די מיניסטארען געפינען זיך גובערנאטארען, וועלכע רעכענען זיך

אויך אין דעם לאנד פאר גרויסע הערשער. אונטער די גובער־נאטאָרען זיינען פאראן קלענערע הערשער, ביז גאָר דעם קלענסטען הערשער. דער הערשער פון די מיליטער קען ניט אָנווייזען דעם הערשער פון די ריכטער, ווי ער זאָל זיך פיהרען. דאָס זעלבע קען דער הערשער פון די ריכטער ניט זאָגען דעם הערשער פון די מיליטער וואָס צו טהאָן. יעדער הערשער האָט זיך זיין בעשטימטען אמט, אויף וועלכען ער איז דער הערר און קען טהאָן ווי ער וויל. יעדער גובערנאטאָר האָט זיך זיינע בעשטימטע שטעדט, אויף וועלכע ער איז דער הערשער. אָבער ער קען ניט פערוועהרען דעם צווייטען גובערנאטאָר, אז ער זאָל טהאָן דאָס זעלבע ווי ער טהוט.

ווען דער איינצעלנער מענש פון לאנד וויל טהאָן געשעפט אָדער איינע פון די אנדערע זאכען, וועלכע בעלאנגען צו דער שטאָדט, מוז ער אָנקומען בעטען ביי דעם הערשער פון זיין שטאָדט, אויף וואָס ער הערשט. ווען דער קליינער הערשער פון זיין שטאָדט ענטזאָגט איהם, אָדער ער קען דאָס ניט טהאָן, דאן מוז ער אָנקומען בעטען ביי דעם העכערען הערשער. און אזוי העכער און העכער ביז דעם קעניג. אָבער ניט אלע מענשען קענען אָנקומען צום קעניג בעטען. זאָגאר צום מיניסטער איז אויך שווער צוצוקומען.

דער גרויסער פילאָזאָף קהלת ה׳ זאָגט דייטליך, אז אין הימעל זיינען פאראן הערשער איינע העכער פון די אנדערע. „כי גבה מעל גבה שומר, וגבהים עליהם״. דאָס זעלבע האָבען געזאָגט אונזערע חכמים, אז אין הימעל זיינען פאראן פערשיעדענע הער־שער איינע העכער איבער די אנדערע, ביז גאָט אליין. יעדער מלאך האָט א בעזונדער אמט, אויף וועלכען ער איז דער הערשער, און איין מלאך קען ניט אָנווייזען דעם צווייטען ווי צו טהאָן. זיי ווייסען זאָגאר ניט איינער וואָס ביי דעם צווייטען טהוט זיך.

דער קעניג איז דער הערשער פון דעם גאנצען לאנד אין אלגעמיין. ער ווייס ניט וואָס יעדער איינצעלנער מענש טהוט, זאָגאר וואָס יעדער מיניסטער טהוט ווייס ער אויך ניט. אויב ער זאָגט איהם ניט. ווען ער וויל וויסען וועגען איין שטאָדט פון זיין לאנד, וואָס דאָרטען טהוט זיך, מוז ער אָנקומען פרעגען ביי דעם הערשער פון יענער שטאָדט. עס זיינען פאראן מלאָכים, וועלכע הערשען אויף א גאנצען פאָלק. העכער פון זיי איז פאראן א מלאך פון וואסער, א מלאך וואָס הערשט אויף פייער. העכער פון די אלע איז דאָ א מלאך, וועלכער איז דער הערשער פון דער גאנצער ערד מיט אלעם וואָס אויף דער ערד געפינט זיך. דאָס זעלבע אויף דער זון, אויף דעם גאנצען סיסטעם פון דער זון מיט

איהרע פּלאַנעטען. און אַזוי העכער און העכער, ביז גאָט אַליין.

דאָך האָט די תורה מיט די נביאים און דער תלמוד, די גרינדער פון אונזער רעליגיאָן, שטרענג אָנגעזאָגט אונז, אַז מיר זאָלען פאַר קיין מלאך ניט שרעקען זיך און קיין אַנדער גאָט ניט דיענען, אויסער צו דעם גאָט פון דעם גאַנצען אוניווערזום. ווי עס איז געשריבען אין דער תורה: „את ה׳ אלקיך תירא אותו תעבד“, — דו זאָלסט מורא האָבען פאַר דיין גאָט יהוה, איהם זאָלסטו דיענען, — דעם גאָט, וועלכער האָט בעשאַפען דעם הימעל מיט דער ערד און אַלעס וואָס אויף זיי און אין זיי איז פאַראַן.

אָט דעם גאָט פון דעם גאַנצען אוניווערזום דיענען מיר אידען. דער, וואָס האָט ניט קיין אָנפאַנג און קיין אויסלאָז. ער איז אַן אייביגער גאָט און מיר זיינען זיין אייביגער פאָלק. און זיין תורה וועלען מיר ניט פערבייטען אויף אַן אַנדער תורה. דען ער האָט אונז געשריבען: „לא תסור ממנה ימין ושמאל“, — זאָלסט זיך פון דער תורה ניט אָפּקעהרען רעכטס אָדער לינקס. „לא תוסיפו על הדבר אשר אנכי מצוה אתכם ולא תגרעו ממנו“, — איהר זאָלט ניט טהאָן מעהר מצות וויפיעל אין דער תורה איז געשריבען און ניט ווענינגער (ואתחנן, דברים ד׳). קענען מיר דען אידען בייטען די תורה אויף אַן אַנדערע? ווען גאָט וואָלט וועלען, אַז מיר זאָלען אומבייטען די תורה, האָט ער געדאַרפט הייסען, אַז מיר זאָלען זיך אַלע פערזאַמלען אין איין אָרט אָדער אויף דעם זעלבען באַרג סיני און גאָט אַליין האָט געדאַרפט אַראָפּגעהן מיט דונערען און בליצען, ווי דעם ערשטען מאָל, ווען ער האָט אונז גענעבען די תורה. און אַלע האָבען געדאַרפט זעהן און הערען זיינע ווערטער ווי ער זאָגט, אַז די תורה, וועלכע איך האָב געגעבען דעם ערשטען מאָל מיט דונערען און בליצען, זאָלט איהר ניט פאָלגען. איך האָב אייך געהייסען איהר זאָלט רוהען דעם טאָג שבת, איצטער זאָג איך אייך איהר זאָלט שבת ארבייטען. איך האָב אייך פערשוואָרען איהר זאָלט זיך מל זיין, ניט עסען קיין אומריינע זאכען, ניט גענעהנען צו אַן אומריינע פרוי, און אַלע זעקס הונדערט און דרייצעהן מצות וועלכע זיינען געשריבען אין דער תורה, וועלכע איך האָב געגעבען די אידען אויף דעם באַרג סיני דורך מיין קנעכט משה, בין איך דאָס איצטער מבטל. איך האָב חרטה אויף מיינע ערשטע רייד. פון איצט אָן און ווייטער גיב איך אָפּ דעם משפּט פון דער גאַנצער וועלט צו מיין זוהן ישוע, וועלכען די פער׳קנס׳טע מיידעל מרים, יוסף דעם בוימייסטער׳ס ווייב, האָט געבוירען פון מיר. ער איז דער הערר אויף דער גאַנ־

צער וועלט. איהם זאָלט איהר פאָלגען וואָס ער וועט אייך הייסען. איך בין שוין מעהר קיין הערר ניט אויף דער וועלט, בלויז דער זוהן. איהר מעגט טהאָן די גרעסטע אומרעכטען, נאָר איין מאָל אין יאָהר זאָלט איהר קומען צום גלח (פריסט) און מודה זיין זיך, אז איהר האָט געטהאָן א פערברעכען, וועט אייך מיין זוהן מוחל זיין און איהר וועט האָבען דעם מלכות שמים. אלע ימים טובים זיינען ניט הייליג, בלויז די טעג, וועלכע די גלחים וועלען אייך זאָגען איהר זאָלט מאכען הייליג אָדער פאסטען. און איהר מעגט עסען אלע שמוציגע לעבעדיגע בעשעפענישען. א מאן אָדער א ווייב, וועלכע קענען זיך ברעכען און ניט הייראטהען, וועלען זיצען אין מלכות שמים נעבען מיין זוהן'ס רעכטע האנד.

ווען גאָט אליין וואָלט אזוי זאָגען אלע אידען פון יענער צייט, דורך דונערען און בליצען, ווי דעם ערשטען מאָל, וואָלטען מיר איהם געהאָרכט פאָלגען. פאר וואָס ניט? ער אליין נעהמט פון אונז אראָפ אלע שוועריגקייטען און גיט אונז נאָך דערפאר דעם מלכות שמים?

אָבער ניין, גאָט אליין האָט אונז ניט געהייסען אומבייטען זיין תורה. אין דער תורה און נביאים איז ניט דערמאָנט געוואָרען קיין מלכות שמים. וואָס זשע דען? איינער אָדער עטליכע האָבען אָנגעשריבען א נייעם טעסטאַמענט און דערצעהלען אונז, אז א פער'קנס'טע אידישע מיידעל האָט געבאָרען א זוהן פון גאָט, און דער זוהן האָט געהייסען אז מ'זאָל ניט טהאָן ווי אין גאָט'ס תורה איז געשריבען, בלויז וואָס דער זוהן און זיי זעלבסט הייסען טהאָן. און זיי גיבען מלכות שמים יעדערען, וואָס גלויבט זייערע רייד.

איך פרעג ביי אייך: איהר זייט דאָך אלע געלערענטע מענשען. זאָגט איהר אליין, וועמען זאָלען מיר גלויבען, צו גאָט אליין, וועלכער האָט אונז געגעבען אזא פילאָזאָפישע און ערהאבענע תורה דורך דונערען און בליצען און דאָס גאַנצע אידישע פאָלק זעקס הונדערט טויזענד גרויסע ערוואַקסענע מענשען האָבען דאָס געזעהן און געהערט. אָדער מיר זאָלען גלויבען דעם נייעם טעסטאַמענט, אין וועלכען עס געפינט זיך קיין חכמה. בלויז א האָהן האָט געקרעהט דריי מאָל, חזירים זיינען ווילד געוואָרען פון שדים, און אָבער א משל און ווידער א משל. די צוקריפּעלטע פראזעס, וועלכע זיי האָבען געשריבען פון אונזער תנ"ך צייגען אונז דייטליך, אז די שרייבער זיינען געוועזן אונוויסענדע מענשען. די שרייבער

פונ'ם נייעם טעסטאמענט גיבען זעלבסט צו, אז זיי זיינען איינ־פאכע, ניט געלערענט לייט (אפאסטאל געשיכטע, ד' 13).

איך וויל ניט מאכען קיין צאנקעריי צווישען מענשען. איך וויל אלע זאלען לעבען אין פריעדען. לאז זיך יעדער מענש גלויבען ווי ער פערשטעהט, נאר ניט צווינגט איינער דעם צווייטען צו דיענען גאט ווי דו פערשטעהסט. יעדער מענש גלייכט זיין גע־וואוינהייט. זיינע עלטערען'ס רעליגיאן איז ביי איהם טהייערער פון זיין לעבען. דאס ליעגט אין דער מענשליכער נאטור. מיר ווייסען אלע, אז גליקליך און הייליג רעכענט זיך דער, וועך עס איז געטויטעט געווארען איבער גאט, און יעדער מענש מיינט אז זיין רעליגיאן און זיין גלויבען איז דער ריכטיגער און אלע אנדערע זיינען פאלש. אבער ווער קען וויסען דעם אמת? דארום לאז זיך יעדער האלטען ביי זיין גלויבען, אויב ער פערשטעהט ניט, אז די אנדערע איז ריכטיגער. איך צייג אייך, אז אונזער תורה איז די ריכטיגע פון גאט.

עס איז אן אייביגע אונפערענטפערטע פראגע: ווארום האט גאט אויסגעקליבען דוקא די אידען מעהר פון אלע פעלקער פון דער ערד, צו געבען זיי אזא שווערע תורה מיט אזוי פיעל מצות, און ניט די אלע איבעריגע פעלקער פון דער ערד? אלע מענשען פון דער ערד זיינען דאך געבארען געווארען פון דעם ערשטען מענשען, וועלכען גאט האט בעשאפען, ער זאל זיין דער הערשער איבער דער גאנצער ערד. טא ווארום וויל ער דוקא אז בלויז די אידען זאלען טהאן זיינע מצות און ניט די איבעריגע פעלקער? ער האט זיי נאך פיעל מאל פערשווארען, אז אויב זיי וועלען ניט טהאן די מצות, וועט ער זיי שטראפען מיט הונדערט און זיעבען און פיער־ציג אלערארט שטראף, וועלכע מיר זעהען אז די אידען זיינען אלע שטראף אויסגעשטאנען און האבען ניט געביטען זייער גלויבען מיט זיין תורה. מיט וואס זיינען די איבעריגע פעלקער פון דער ערד ערגער ביי גאט פון די אידען, אז זיי זאלען מעגען עסען אלע ניט ריינע בעשעפענים? מיט וואס שטעהען אלע איבעריגע מענ־שען נידעריגער פון די אידען, אז זיי זאלען ניט רוהען דעם טאג שבת, אין דעם טאג, וואס גאט זעלבסט האט גערוהט פון זיין אר־בייט? און אלע איבעריגע מצות, וועלכע גאט האט שטרייננג פערזאגט, אז בלויז די אידען זאלען זיי טהאן און ניט אנדערע פעלקער? זיינען דען אלע פעלקער ניט די זעלבע מענשען, ווי מיר, אידען?

מיר זעהען אבער, אז ניט בלויז די אידישע פאלק האט ער

אפגעטהיילט פון אלע פעלקער, צו בעלאסטיגען זיי מיט אזוי פיעל מצות, נור זאגאר די אידישע לאנד, וועלכע פערנעהמט אין דער ערד זעהר א מיזערנעם טהייל, האט ער אויך אפגעזונדערט פון דער גאנצער ערד מיט אזעלכע מצות, וואס אונזער פערשטאנד איז גאר קליין פון בענעהמען דאס.

דען מיט וואס האבען געזינדיגט אלע איבעריגע לענדער און טהיילען פון דער ערד אנטקעגען דער אידישער לאנד, וואס גאט האט צוגעזאגט בלויז די אידען, אז זיי זאלען זעען זייער לאנד זעקס יאהר, און דעם זיבעטען יאהר זאל זי רוהען. פאר וואס האט ער דאס ניט צוגעזאגט אלע מענשען פון דער ערד, אז זיי זאלען לאזען רוהען די ערד דעם זיבעטען יאהר? די ערד איז דאך די זעלבע. דאס גלייכען האט ער בלויז געהייסען די אידען, ווען זיי וועלען פלאנצען נייע פרוכט־בוימער אין זייער לאנד, זא־לען זיי די ערשטע דריי יאהר ניט עסען די פרוכט פון די בוימער. מיט וואס זיינען די בוימער פון דער גאנצער ערד ערגער פון די בוימער, וועלכע וואקסען אין דער אידישער לאנד? אויב זיי וועלען ניט טהאן די מצות, וואס בעלאנגען צו דער לאנד, וועט מען זיי ארויסטרייבען, דאן וועט די ערד רוהען אלע יאהרען, וועלכע זי האט ניט גערוהט ווען זיי זיינען געזעסען אויף איהר.

די מצות, וועלכע געהערען צו דער אידישער לאנד מיט איה־רע פפלאנצונגען, האבען די אידען געמוזט טהאן בלויז ווען זיי זיינען געזעסען אויף זייער לאנד. אבער ווען דער איד בעזעצט זיך אין איין אנדער לאנד און זעעט דארטען און פלאנצט, דארף ער ניט אפהיטען די אלע מצות, וועלכע בעלאנגען צו דער אידי־שער לאנד מיט איהרע פלאנצונג.

דאס צייגט אונז ריכטיג, אז די ערד זעלבסט האט אין זיך אויך ניט קיין גלייכע מאכט. זי איז אויך אפגעזונדערט מיט איהרע קרעפטען און עלעמענטען, ניט נור נאך די טהיילען פון דער ערד: אזיע, אפריקא, אייראפא און די אנדערע טהיילען, זאנסט יעדער טהייל איז ווידער צוטהיילט אויף קלאסען, מינים און ארטען, דאס זעלבע ווי די מענשען, מיט אלע לעבעדיגע בא־שעפענים. דען אזעלכע מצות קענען מיר ניט זאגען, אז דאס איז בלויז טראדיציאנען אדער פוסטע מנהגים, וועלכע משה האט פון זיך זעלבסט אויסגעטראכט. דאס אנבעלאנגט דאך צום עקזיס־טענץ פון דער גאנצער אידישער פאלק. דערמאנט זיך! יעדען זיעבעטען יאהר זאל מען ניט זעען די ערד, און די פרוכט מיט די

געטריידע, וועלכע וועלען אויפוואקסען דעם זיעבעטען יאהר, טאָר דער באַם ניט נעהמען זיך, ווי אלע זעקס יאָהר, בלויז יעדער מענש קען קומען און נעהמען פרוכט דאָס זעלבע ווי דער באַם. די ערד איז דאן פריי פאר אלעמען, זאגאר פאר די בהמות מיט די חיות. ווען עס וועט אריבער זיבען מאָל זיעבען, זאל די ערד רוהען צוויי יאהר סטראקס: דעם ניין און פיערציגסטען מיט דעם פופציגסטען. די גאנצע אידישע פאלק וועט דאך פעראדימט ווערען און צושטארבען פון הונגער. קענען מיר דען זאגען, אז אזעלכע מצות זאל משה אויסטראכטען פון זיך זעלבסט? אויב אזוי, מוזען מיר אנערקענען, אז משה איז געווען דער העכסט ווייסגשאפטליכער מענש פון אגריקולטור. ער האָט געוואוסט דעם נאטור פון דער גאנצער ערד. ווען מיר זאלען אזוי זאגען, מוזען מיר דאך ניט אנדערש קלעהרען, אז משה איז ארומגעגאנגען די גאנצע ערד צו אויספארשען דעם נאטור פון יעדער קליינעם שטיקעל ערד בע־זונדער. איז דאָס אָבער מעגליך צו קלעהרען? ער האָט דאָך געדארפט פארנעהמען אויף דאס טויזענדער יאהרען, דען קיין אייזענבאהן אין נאָך דאן ניט געווען, און מיר ווייסען דאך, אז ער איז אין דער אידישער לאנד קיין מאָל ניט געוועזען. דען פאר זיין טויט האָט ער זיך געבעטען ביי גאָט, ער זאל איהם כאָטש ערלוי־בען אריבערגעהן דעם טייך ירדן און זעהן דאס לאנד, צוליעב וועלכער ער האָט זיין גאנצען לעבען געשטרעבט. און גאָט האָט איהם געזאגט, אז ער זאל וועגען דעם גאר ניט רעדען. ער האָט איהם געהייסען ארויפגעהן אויף דער שפיץ בארג און זעהן זי פון ווייטען, און אויף דער זעלבער בארג איז ער געשטאָרבען. טאָ פון וואנען האָט ער געקענט וויסען דעם נאַטור מיט די קרעפטען פון דער אידישער לאנד? מיר מוזען אנערקענען, אז דאס איז בלויז א געטליכקייט, וועלכער וויים אלעם און פון וועמען עס קוועלט אלע וויסענשאפטען צוזאמען.

דאָך זעהען מיר, אז די ערד זעלבסט איז אויך אבגעטהיילט אין דעם נאטור מיט די עלעמענטען איין שטיקעל פון דעם צוויי־טען, און דעם קליינעם טהייל פון דער ערד האָט גאָט אויסגעקלי־בען פון אלע טהיילען, צו בעלאסטיגען איהם מיט אזוי פיעל מצית, ווייל דער שטיקעל ערד אליין איז אפגעזונדערט מיט זיין נאַטור פון דער גאנצער ערד, וועלכער קען אנדערש ניט געבען זיינע פרוכט ביז ווען מ'טהוט ניט די אלע מצות, וואס בעלאנגען צו איהם. זאגאר דער הימעל מיט דעם רעגען פון יענעם טהייל ערד

זיינען אויך ניט גלייך מיט די רעגענס און די אטמאָספערא פון דער גאנצער ערד, דען קיין רעגען־וואסער איז ניט גוט צו טרינ־קען, און אויף דער אידישער לאנד טרינקט מען בלויז די וואסער פון רעגען. דארום איז גאר קיין וואונדער ניט, וואס גאָט האָט אויסגעקליבען בלויז די אידען, צו געבען זיי זיין תורה מיט אלע מצות און ניט קיין אנדערע פעלקער, דען די אידען אנטקעגען די איבעריגע פעלקער בעטשעהען דעם זעלבען טהייל, דאָס זעלבע ווי די אידישע לאנד אנטקעגען די איבעריגע טהיילען פון דער ערד.

די אידישע לאנד האָט זיך דאן גערעכענט פאר דער בעסטער פון אלע לענדער, דען די תורה רופט זי ארץ זבת חלב ודבש, א לאנד, וואס רינט מילך און האָניג. אבער ווי די אידען זייגען פון איהר פערטריבען געווארען, איז זי געווארען אויסגעדארט און פראָדוציערט זעהר וועניג, דאָס זעלבע ווי דאָס אידישע פאָלק.

עס מוז אבער קומען די צייט, וואס די אידען וועלען זיך אומקעהרען אויף זייער לאנד. אלע מענשען פון דער ערד וועלען מוזען אנערקענען, אז בלויז די אידישע תורה איז די ריכטיגע. גאָט איז אויביג, זיין תורה איז אן אויביגע און די אידען זיינען אויך אויביג, דען זיי זיינען די הארץ פון די מענשהייט.

.14

## גאָט אין דעם געשטאַלט פון מענשען.

ווי מיר האָבען ערקלערט ביז איצט, האָבען מיר אויפגעוויעזען, אז אלעס, וואָס געפינט זיך אין דער וועלט, סיי לעבעדיגע באשעפענעס, וועלכע מיר זעהען אויף דער ערד, סיי די וואקסונג, מיט די מעטאלען און אלערארט שטיינער מיט דער ערד, פון די קלענ־סטע ביז די גרעסטע. דאָס זעלבע די גייסטיגע, וועלכע בעשטעהען פון ווינד און פייער. אלעס לעבט, אלעס איז טהעטיג. אלע געהען מדרגות'ווייז ניט בלויז אין זייער אויסזעהען מיט די גרויס, נור אויך אין זייערע עלעמענטען, אין זייערע געפיהלען מיט דעם פער־שטאנד און וויסענשאפט אָדער אינסטינקט. אלע זיינען צו־טהיילט אויף צוויי קלאסען: רויבענדע און שטילע. די רויבענדע און די שטילע האָבען אין זיך פיעל מינים, וועלכע יעדער מין פאר זיך באשטעהט ווי איין גרויסע באשעפענים, און האָט אין זיך איהר קאָפּ מיט אלע גליעדער פון איין איינצעלנעם קערפער. יעדער מין באשטעהט פון זכר און נקבה.

די קאָפּ פון דער ניעדעריגסטער באשעפענים קומט אויס א

פערמיטלער, פון איהר קערפערליכען מין ביז דעם העכערען מין, ניט בלויז אין דעם אויסזעהן, נור אויך אין די טהעטיגקייט. אלע לעבעדיגע באשעפענים געהען מדרגות'ווייז איינע העכער פון די אנדערע, ביז דעם מענש, וועלכער האט ניט בלויז די געפיהלען מיט די אינסטינקטען פון אלע לעבעדיגע באשעפענים, נור זאגאר אזוי פיעל פערשטאנד און שכל, וואס קיין לעבעדיגע באשעפענים קען גאר קיין בעגריעף ניט האבען. ווי מיר האבען געשריעבען בעפאר, אז זאגאר דער גארילא, וועלכער רעכענט זיך די קאפ פון אלע פיער־פיסיגע חיות, ער איז עהנליך אין געשטאלט צו דעם מענשען, ער קען געהן אויף צוויי פיס, ווי דער מענש. זיין פערשטאנד איז העכער פון אלע פיער־פיסיגע, דאך האט ער ניט קיין בעגריעף אין דעם פערשטאנד פון דעם ניעדריגסטען פשוט'ן מענשען. דער מענש קומט אוים די קאפ פון אלע ערדליכע באשעפענים, און זיי זיינען זיינע אונטערסטע גליעדער. אין דעם מענשען פעראייניגען זיך אלע געפיהלען מיט אלע אינסטינקטען פון אלע לעבעדיגע באשעפענים צוזאמען. אבער אויסער די געפיהלען מיט די אינסטינקטען, האט נאך דער מענש אין זיך וויסענשאפט און פערשטאנד צו מאכען און ערקלערען אזעלכע טהאטען און ווערק, וואס קיין לעבעדיגע זאך האט אין דעם קיין בעגריעף ניט.

דער מענש האט אין זיך פינף חושים: זעהען, הערען, שמעקען, טאפען און געשמאק. צוליעב ערפילען זיינע אלע געפיהלען האט ער אין זיך צוויי כחות: טראכטען און רעדען. דער מענש האט אין זיך פיעל תאות: ער האט א תאוה צו געלט, א תאוה צו כבוד, א שעהנע הויז, שעהנע קליידער, צירונג, זעהן יעדער זאך וואס איז שעהן, הערען גוטע געזאנג אדער מיוזיק. ער האט נאך געפיהלען אין זיך: ווי אומעט און פרייד, מיט בעגייסטערונג (התפעלות) כעס און געדולד, מיטלייד און גרויזאמקייט (רחמנות מיט אכזריות), ליעבע און פיינדשאפט מיט קנאה, עדעל און קארג.

מיר ווייסען, אז דער מענש איז א פראדוקט פון דער ערד. אויף אזא אופן מוזען מיר אנערקענען, אז די ערד האט אין זיך די אלע געפיהלען און די אינסטינקטען, אלע תאוות און אלע זיטען, וואס געפינען זיך ביי דעם מענשען. פון וואס איז די ערד געווארען? לאמיר צוגעבען, אז די ערד איז געווארען פון דער זון, ווי די איצטיגע געלעהרטע און חוקרים האבען ערקלעהרט. אויב אזוי, מוזען מיר אנערקענען, אז די אלע געפיהלען און די זיטען, דער פערשטאנד און די וויסענשאפט געפינען זיך אין דער זון. אבער ניט בלויז די געפיהלען און דער פערשטאנד פון דעם איין

איינצעלנעם מענשען, נאָר זאָגאַר די געפיהלען און די אינסטינקטען פון אלע מענשען צוזאמען מיט אלע בעשעפּעניששען און פּלאַנעטען פון איהר סיסטעם. דען די זון רעכענט זיך אלס די קאָפּ פון איהר סיסטעם.

די זון איז דאָך אָבער אויך ניט געוואָרען אין איהר פּאָלקאָמענער גרויס, ווי מיר זעהען זי איצטער, אין איין מאָמענט. ביז עס איז געוואָרען אזא גרויסע זון האָט געמוזט געדויערען פיעלע מיליאָנען יאָהרען. ווי אזוי איז אָבער געוואָרען אזא גרויסע זון און פון וואָס איז זי געוואָרען? לאָמיר זיך פאָרשטעלען, אז פיעל שטיקער פייער, וועלכע זיינען געפלויגען אין דער הויך, האָבען זיך בעהעפט צוזאמען, און פון זיי אלעמען איז געוואָרען די זון. אויב אזוי, מוזען מיר דאָך אנערקענען, אז די שטיקער פייער האָבען אין זיך די קראַפט פון פעראייניגונג. אָדער בעסער געזאָגט, זיי האָבען אין זיך דעם אינסטינקט פון ליעבע, דאָס זעלבע ווי אלע מענער און פרויען, וועלכער ציהט זיי איינע צו די אנדערע.

מיר מוזען אָבער פרעגען ווייטער: פון וואָס זיינען געוואָרען יענע שטיקער פייער? דארויף מוזען מיר זאָגען, אז זיי זיינען געוואָרען פון אטאָמען. די אטאָמען האָבען זיך פעראייניגט, ביז ווען עס זיינען געוואָרען שטיקער פייער. פון וואָס ווערען די אטאָמען? דאָ מוזען מיר אנערקענען, אז זיי ווערען פון אזא אונבעגרייפליכען שטאָף, וואָס קיינער קען אין איהם קיין בעגריף ניט האָבען. יענער העכסטער אונבעגרייפליכער שטאָף, וועלכען מיר אידען רופען מיט דעם נאָמען „הויה“, האָט אין זיך אויך די קראַפט פון צוציהונג אָדער ליעבע. זיין צוציהונג איז אימער און שטענדיג אָהן אַן אויפהער, אָהן אַן אָנהויב און אָהן א סוף. ער איז אלע מאָל פאראן. ער איז געווען, ער איז איצט דאָ און ער וועט אלע מאָל זיין. יענער שטאָף איז פול די גאנצע וועלט מיט דעם גאנצען אוניווערזום. עס איז ניטאָ קיין שטיקעל פּלאַץ, וואו ער איז ניטאָ. יענער שטאָף איז די קאָפּ פון אלע קעפּ; ער איז אלעס, און אלעס איז אין איהם; פון איהם ווערט אלעס און צו איהם קעהרט זיך צוריק אלעס. אין יענעם שטאָף געפינט זיך פייער מיט וואסער, אלע מעטאלען, אלע פלאנצען און אלע לעבעדיגע בעשעפּענישען.

יענער שטאָף איז די גאנצע וויסענשאפט, דער גאנצער פערשטאנד; די גאנצע פרייד מיט דעם גאנצען אומעט; כעס און געדולד, מיטלייד און גרויזאמקייט (רחמנות און אכזריות), אלע תאוות מיט אלע געפיהלען און אינסטינקטען.

די תורה אונזערע און די נביאים זאָגען אויך ארויס די זעלבע מיינונג. אין כי תשא ווערען אויסגערעכענט אלע גוטע זייטען פון גאָט. דאָרטען רופט ער איהם „דער גאָט פון רחמנות און לייט־זעליגקייט" (אל רחום וחנון), און אין סדר ואתחנן רופט ער איהם „דער גאָט פון ראכע און בייזהייט" (אל קנא ונוקם). דאָס זעלבע זאָגען די נביאים אין פיעלע ערטער: „אל קנא ונוקם, נוקם ה' ובעל חמה". ווייל אלע זייטען, וועלכע געפינען זיך אין דעם מענשען מיט אלע לעבעדיגע בעשעפענישען, געפינען זיך אין גאָט. דען אלעס וואָס געפינט זיך אין דער וועלט איז פון איהם. ער איז אלעס און אלעס איז אין איהם. סיי די גוטע זייטען און סיי די שלעכטע קומען ארויס פון איהם. יעדער זאך וואָס געפינט זיך אין דער וועלט האָט אין זיך גוט און שלעכט. די זון איז גוט און שלעכט, דאָס זעלבע איז דער רעגען, דער ווינד א. ז. וו. גאָט איז דער בורא און דער נברא, דער מוצא און דער נמצא.

אויב גאָט וואָלט געווען בלויז די גוטהייט אליין, טאָ וואָרום האָט ער בעשאַפען לייבען, טיגערס מיט בערען און וועלף, אז זיי זאָלען עסען די שטילע אָרענטליכע שעפּעלעך מיט אלע איבעריגע גראָז־עסענדע בעשעפענישען? מיט וואָס האָבען די שטילע גראָז־עסענדע בעשעפענישען געזינדיגט פאַר גאָט, אז אלע רויבענדע בעשעפענישען און דער מענש זעלבסט זאָלען זיי שעכטען און רייסען זייער פלייש לעבעדיגערהייד? ווען גאָט וואָלט געווען די גוטהייט אליין, האָט ער דאָך געדארפט בעשאַפען אלע לעבעדיגע מיט דער נאַטור פון עסען גראָז; אלע בעשעפענישען וואָלטען געלעבט בשלום און די מענשען וואָלטען קיין מאָל ניט געהאַלטען מלחמה, ניט געטויטעט מיליאָנען מענשען פאַר אומזיסט.

יענער העכסטער און ערשטער אונבעגרייפליכער שטאָף האָט אין זיך אימער און שטענדיג די תאוה מיט דעם אינסטינקט פון ליעבע און פעראייניגונג. ער פעראייניגט זיך שטענדיג אָהן אויפ־הער. און פון זיין פעראייניגונג קומט ארויס נאָך אזא מין שטאָף, וועלכער האָט אין זיך אויך דאָס אלעס וואָס דער ערשטער שטאָף האָט אין זיך. און אזוי פעראייניגען זיך יענע שטאָפען אויך אָהן אויפהער. פון זיי ווערען אנדערע שטאָפען, דיקערע, וועלכע האָבען אין זיך דאָס זעלבע ווי די פון וועלכע זיי קומען ארויס. און אזוי ווייטער און ווייטער, ביז ווען עס ווערט א זון מיט פלאַנעטען און שטערען.

יעדער מענש האָט געוויס בעמערקט, אז ווען עס קאָכט זיך

פלייש אין אַ טאָפּ געהט זיך די פעטס צוזאַמען און פעראייניגט זיך. ווער שלעפּט זיי צו איינע צו די אַנדערע? דאָס זעלבע איז ווען מיר זאָלען אריינוואַרפען אַ ברעט אָדער אַ שטיק האָלץ אין אַ גרויסער טייך אָדער זאַגאַר אין אָקעאַן. די כוואַליעס וועלען זיי אומוואַרפען און טראָגען אויף זיך, אָבער זיי וועלען זיי צוטראָגען צו אַ שיף, וועלכע שטעהט נעבען אַ ברעג, און זיי וועלען זיך פעראייניגען. דאָס צייגט אונז ריכטיג, אַז יעדער זאַך האָט אין זיך די קראַפט פון צוציהונג מיט פעראייניגונג בלויז צו זיין מין. די פעטס טהיילט זיך אָפּ פון די פלייש, אויף וועלכע זיי זיינען געוואַקסען און בעהעפטען זיך צוזאַמען. פייער און רויך ציהען זיך אין דער הויך. מיר זאָגען, אַז דער פייער מיט דעם רויך זיינען גרינגער פון דעם לופט וואָס ריינגעלט אַרום די ערד, און יעדער גרינגע זאַך מוז אַרויף פון אויבען און די שווערע זאַך מוז זיין אונטען. אָבער די ריכטיגע אורזאַך דערפון איז, ווייל יעדער זאַך האָט אין זיך די קראַפט פון צוציהונג בלויז צו איהר מין. אויב יעדער זאַך האָט זיך די קראַפט פון צוציהונג, מוז זי דאָך האָבען דאָס זעלבע די קראַפט פון אַרויסוואַרפען אָדער אָפּשטופּונג. די סטים אָדער די פאַרע ציהען זיך אין דער לופט, ווייל די היץ פון דער זון, וועלכע וואַרעמט אָן די וואַסער, טרייבט זיי אין דער הויך. ווי די סטים קומט ביז דער הויך, וואָס איז ניט אַזוי וואַרעם, שלעפען זיי און ציהען זיך איינע צו די אַנדערע, ביז וואַנען זיי ווערען גרויסע טראָפּענס וואַסער, וועלכע זיינען שווערער פון דער אונטערשטער לופט, דאַן מוזען זיי אַרונטערפאַלען אויף דער ערד. אויב עס טרעפט דאָרטען אין דער הויך זעהר אַ קאַלטער שטאַרקער ווינטר, ווערען די טראָפּענס וואַסער פערפראָרען און פאַלען אויף דער ערד אין שטיקלעך אייז. ווען מיר זאָלען אָבער זאָגען, אַז בלויז דערפאַר פאַלען זיי אַראָפּ, ווייל זיי זיינען שווערער פון דער לופט, וואָלט דאָס געווען מעגליך צו קלעהרען ווען די ערד וואָלט געווען אַלע מאָל אונטען און דער רעגען מיט דעם האָגעל אויבען. מיר זעהען דאָך אָבער, אַז ביינאַכט, ווען די ערד דרעהט אונז איבער מיט'ן קאָפּ אַראָפּ, דער רעגען מיט דעם האָגעל קומען אונז אויס פון אונטען און די ערד מיט אונז זיינען פון אויבען, — פאַר וואָס זשע פאַלען זיי ביינאַכט אויף דער ערד? אויב די שווערע זאַך מוז פאַלען אַלץ ניעדריגער, האָבען דאָך דער רעגען מיט דעם האָגעל געדאַרפט פאַלען אַלץ ניעדריגער אין הימעל־אָפּגרונד און ניט אויף דער ערד. דאַרום מוזען מיר אַנערקענען, אַז יעדער זאַך האָט אין זיך די קראַפט פון צוציהונג און דאָס זעלבע האָט זי די

קראפט פון ארויסוואַרפונג אָדער אָפּשטופּונג. די לופט נעהמט אַלץ העכער און העכער, איינע ציהט און שלעפּט די צווייטע, יעדער שטאָף ציהט צו זיך די עלעמענטען פון זיין מין, ביז וועו זיי קומען גאָר צו דעם העכסטען אונבעגרייפליכען שטאָף.

ווי מיר האָבען אויבען ערקלעהרט מיט דעם רעגען, ווייסען מיר, אז יעדער זאַך האָט אין זיך די קראַפט פון ארויסוואַרפונג. דען יעדער שטאָף ווען ער ציהט זיך צו זיין מין שלעפּט מיט זיך נאָך שטאָפען פון אַנדערע מינים. ווען יענע בעזונדערע שטאָפען קלייבען זיך אָן אין דעם שטאָף פון דעם העכערען מין אין אַ גרויסער מאַסע, בעהעפטען זיי זיך און פעראייניגען זיך צוזאַמען. זיי ווערען שווער פאַר דעם שטאָף פון דעם העכערען מין. דאַן שטופּט זיי יענער העכערער שטאָף און וואַרפט זיי ארויס פון זיך. זיי קומען צוריק צו זייער מין, וועלכער שלעפּט זיי צו זיך. דאָס זעלבע ווי די סטים מיט די פאַרע פעראייניגען און בעהעפטען זיך צו דעם קוואַל פון וואַנען ער קומט ארויס. אזוי געהען זיי צו פון דעם סטים די עלעמענטען, וואָס געהערען צו דער לופט, און דאָס רעסט שטופּט די לופט אָפּ פון זיך. דאַן נעהמט דאָס צו די ערד מיט דער קראַפט פון צוציהונג, וואָס זי האָט אין זיך צו איהרע עלעמענטען. דער רעגען מיט דעם האָגעל מוזען פאַלען אויף דער ערד, ווייל די לופט שטופּט זיי פון זיך און די ערד שלעפּט זיי צו זיך.

דעם פייער מיט דעם רויך זעהען מיר ווי זיי ציהען זיך אין דער הויך און ווערען פערשוואונדען פון אונזער אויגענבליק. ווי באַלד מיר קענען זיי זעהן, איז דאָך דאָס אונז אַ ריכטיגע איבער־ציינונג, אַז זיי זיינען צוזאַמענגעשטעלט פון עטליכע שטאָפען, טראָץ דעם וואָס מיר קענען זיי ניט אָנטאַפּען, דען מיר זעהען דאָך אז פון רויך ווערט געדיכטע רוס. ווי זיי קומען גאָר אין דער לופט צושיידען זיך זייערע עלעמענטען און בעהעפטען זיך יעדערער מיט דעם שטאָף פון זיין מין. יעדער שטאָף פון דער לופט ציהט צו זיך צו דעם טהייל פון זיין מין, וואָס געפינט זיך אין דעם רויך מיט דעם פייער, און דאָס איבעריגע פליהט העכער און ציהט זיך, ווען זיי קומען אין דער הויך פון דער שיטערער און קאַלטער לופט, וועלכער איז גרינגער פון זיי, און פאַלען אויף דער ערד.

דער מענש עסט און טרינקט. דער מאַגען (סטאָמעק) קאָכט איבער די שפּייז און נעהמט פון זיי ארויס די שטאָפען, וועלכע זיינען נויטיג פאַר דעם קערפּער. יעדער אבר, יעדער גליעד בע־

קומט פון די שפּיז די עלעמענטען, וועלכע געהערען צו איהם, און דאָס איבעריגע וואַרפט דער מאָגען ארויס.

אויף אזא אופן מוזען מיר אנערקענען, אז גאָר דער ערשטער און העכסטער אונבעגרייפליכער שטאָף, אין וועלכען קיינער קען ניט האָבען קיין בעגריעף, האָט אין זיך אויך די קראַפט פון צו־ציהונג אָדער, ווי מיר מענשען רופען דאָס, ליעבע און פעראייניגונג. דאָס זעלבע האָט ער די קראַפט פון ארויסוואַרפונג. די שטאָפען, וועלכע די העכערע מינים שטאָפען וואַרפען פון זיך ארויס, שלעפּען און ציהען מיט זיך א ביסעל פון דעם מין, וואָס געהערט צו דעם העכערען שטאָף. ווען די שטאָפען פון די העכערע מינים קלייבען זיך אָן אין דעם נידעריגערען דיקערען שטאָף אין א גרויסער מאסע, שטופּט זיי דער דיקערער שטאָף ארויס פון זיך און זיי ציהען זיך ווידער צו זייער העכערען מין. אזוי ציהען און שלעפּען אלע מינים איינע די אנדערע, און יעדער מין וואַרפט פון זיך אימער ארויס דעם רעסט, וואָס קלייבט זיך אין איהם אָן מיט די שטאָפען פון זיין מין, וועלכע ציהען זיך צו איהם אָהן אָן אויפהער.

די גאַנצע וועלט מיט דעם גאַנצען אוניווערזום האָבען אָן אייביגע מלחמה; די שטאַרקע בעזיעגען די שלאַפע און פערנעהמען זייער פּלאַץ. זיי בלייבען אָבער ניט אויף דעם פּלאַץ, דען אין דעם זעלבען מאָמענט קומען נאָך שטאַרקערע און בעזיעגען זיי. און אזוי כסדר אָהן אויפהער. דארום האָט אין זיך דער מענש דעם געפיהל פון הערשען. דער מענש אין זיך זעלבסט האלט אויך מלחמה זיין גאַנצען לעבען, — יעדען מאָמענט, יעדע סעקונדע ווערט ער אלץ עלטער. ער שטאַרבט אין דער זעלבער צייט וואָס ער לעבט, און לעבט ווען ער שטאַרבט, דען קיין זאַך געהט דאָך ניט פערלאָרען; יעדער זאַך ציהט זיך צו דעם שטאָף, פון וועלכען ער איז געקומען, און יענער שטאָף וואַרפט פון זיך ווידער ארויס דאָס איבעריגע, ביז וואַנען עס ווערט ווידער דאָס זעלבע ווי ער איז געוועזען בעפאָר. דארום מוזען זיין מלחמות ביי די מענשען אין געוויסע צייטען, ווען עס קומט ביי דעם מין מענש די צייט פון ארויסוואַרפונג, דען דער מענש איז אויך נישט מעהר ווי א בוים. עס וואַקסען אויף איהם אוים בלעטער מיט פרוכט, וועלכע מוזען אראָפּפאַלען, ווען עס קומט די צייט. אויב ניט א מלחמה, מוז זיין אין געוויסע צייטען אָן עפּידעמיע. די עפּידעמיע קען טרעפען אין עטליכע שטעדט אָדער אין א בעשטימטען קלימאַט, דען ווי איך האָב פריהער ערקלעהרט בעשטעהט דאָך יעדע שטאָדט און יעדער לאַנד ווי אַן איינצעלנער מענש, וועלכער האָט די קראַפט

פון צוציהונג. דאָס זעלבע האָט זי די קראַפט פון אָפּשטויסונג (כח הדוחה). ניט די מענשען האַלטען מלחמה מיט זייער אייגענעם ווילען, דער כח הדוחה צווינגט זיי צו האַלטען מלחמה.

אויף אַזאַ אופן מוזען מיר אַנערקענען, אַז נאָך דער ערשטער און דער העכסטער, פון וועלכען עס איז געוואָרען די אַלע שטערען און זונען און פּלאַנעטען, פייער מיט וואַסער און ווינד, אַלע זיטען און געפיהלען, — יענער העכסטער און ערשטער אונבעגרייפליכער שטאָף, ציהט צו זיך אויך אַלע ערלסטע און בעסטע אונבעגרייפליכע שטאָפען פון זיין מין. יענער אונבעגרייפליכער, וואָס מיר קענען איהם קיין נאָמען ניט געבען, קומט אויס די קאָפּ פון דעם גאַנצען אוניווערזום. אַלע גייסטער מיט אַלע זיטען און געפיהלען, דער גאַנצער שכל מיט דער וויסענשאַפט קומט אַרויס בלויז פון יענער ערשטער אונבעגרייפליכער קראַפט, און די גאַנצע וועלט מיט אַלעם וואָס געפינט זיך אין דער וועלט זיינען זיינע גליעדער.

דער ספר זהר פ׳ בראשית דף י״ט דריקט זיך אויס וועגען דעם מיט דיעזע ווערטער: „מריש רזא דנקודא עילאה עד סופא דכולי דרגין כולא, דא לבושא לדא, עד דאשתכח האי קליפה להאי. ואע״ג דדא איהו לבושא, אתעביד מוחא לדרגא אחרא מיניה״. ד. ה. פון דעם ערשטען און העכסטען סוד, וועלכער איז נאָך דער אויבערשטער, ביז דעם ניעדריגסטען פון דער לעצטער מדרגה, זעהען אויס ווי קליידער איינע איבער די צווייטע. איינער איז בעצויגען אויף דעם צווייטען, ווי אַ הויט. אָבער טראָץ דעם, וואָס זיי זיינען ווי קליידער, זיינען זיי מיט דעם אויך ווי אַ מח, אַ קאָפּ ביי דער ניעדריגער מדרגה, וועלכע איז אונטער איהם.

די חכמי הקבלה האָבען צוטהיילט דעם גאַנצען אוניווערזום אויף פיער וועלטען, וועלכע געפינען זיך איינע העכער פון דער צווייטער: אצילה, בריאה, יצירה, עשיה. יעדע וועלט בעזונדער בעשטעהט פון די זעלבע אברים ווי דער מענש, וועלכער איז צוזאַמען זכר און נקבה. אַלע פיער וועלטען צוזאַמען זעהען וויעדער אויס דאָס זעלבע. יעדע וועלט פּראָדוצירט אָהן אַן אויפהער. פון דער וועלט אצילה ווערט געבוירען די וועלט בריאה; פון בריאה ווערט די יצירה, און פון דער וועלט יצירה ווערט געבוירען די קערפּערליכע וועלט עשיה, אַלע זונען מיט די שטערען און פּלאַ־נעטען. די ערשטע וועלט אצילה ווערט געבוירען פון אַזאַ מין כח, וואָס האָט קיין סוף און קיין ברעג ניט. יענעם כח רופען זיי עילת כל העילות וסבת כל הסיבות. פון יענעם ערשטען כח קומען אַרויס אַלע חכמות מיט אַלע געפיהלען, די גייסטיגע און מאַטעריעלע

בעשעפעניש. אלע כחות צוזאמען רופען זיך אין אונזער תורה „אלהים", וועלכע מיר רופען דאָס גאָט. אלעס לעבט אייביג, קיין זאך אויף דער וועלט נעהט ניט פערלאָרען. אלעס בייט אום זיין פאָרינגען געשטאלט און בעקומט א נייעם געשטאלט. קיין זאך שטארבט ניט.

דאָ זעהען מיר דייטליך, אז גאָט איז אין דעם געשטאלט פון מענשען, וועלכער בעשטעהט פון צוויי מינים זכר און נקבה, משפיע ומקבל. דער מענש איז די קאָפּ פון אלע קערפּערליכע ערד־בעשעפּענישען. אין דעם מענשען פעראייניגען זיך אלע אינ־סטינקטען און די געפיהלען פון אלע בעשעפענישען. דערצו האָט ער אזוי פיעל שכל און פערשטאנד, וואָס קיין אנדער בעשעפעניש האָט אין איהם קיין בעגריעף ניט. דאָס זעלבע איז יענער ערשטער אונבעגרייפליכער כח, די קאָפּ פון דעם גאנצען אוניווערזום, וועל־כען מיר מענשען רופען דאָס „גאָט", האָט אין זיך אזוי פיעל שכל און פערשטאנד, וואָס זיינע ניעדריגע בעשעפענישען, די גייסטיגע און די קערפּערליכע, קענען ניט האָבען קיין השגה און קיין בעגריף. קיין געשטאלט האָט ער ניט, און דאך איז דאָס זכר און נקבה. דער מענש איז דער הערשער פון דער גאנצער ערד מיט איהרע בעשעפענישען און טהוט מיט זיי וואָס ער וויל. יענער ערשטער און העכסטער כח איז דער הערשער פון דעם גאנצען אוניוועדזום און טהוט וואָס ער וויל. דער מענש זאָרגט און היט אלע אברים פון זיין קערפּער. דאָס זעלבע זאָרגט די קאָפּ פון אלע קעפּ און היט די גאנצע וועלט, וועלכע זיינען זיינע אברים.

די פריירענקער זאָגען, אז דאָס אלעס וואָס מיר זעהען בע־שטעהט פון עוואָלוציאָן, ד. ה. די כחות מיט די שטאָפען פער־אייניגען זיך און בייטען אום אלע ווײלע זייער פאָריגען געשטאלט פון דעם בעשטעהט די גאנצע וועלט. דאָס איז אזא קראפט, וואָס מוז ווערען פון דער נאטור, אָבער ווען מיר זאָלען אנאליזירען און אפּטהיילען יעדער שטאָף מיט יעדער קראפט בעזונדער פערלירען זיי אלע געפיהלען, פון זיי ווערט גאָר נישט. אויב אזוי, האָט דאך די ערד געדארפט פּראָדוצירען שטענדיג נייע בעשעפענישען מיט נייע מענשען, דען די עוואָלוציאָן ארבייט דאך אימער אָהן אן אויפהער. און מיר זעהען דאך, אז פון דער צייט, וואָס דער מענש איז בעשאפען געוואָרען, האָט די ערד מעהר ניט פּראָדוצירט קיין לעבעדיגע בעשעפענישען.

מיר מוזען אנערקענען די ווערטער, וועלכע זיינען געשריבען אין דער תורה: „ויברא אלהים את האדם בצלמו, בצלם אלהים

ברא אותו, זכר ונקבה ברא אותם". זוכט דעם ריכטיגען אמת, וועט איהר איהם געפינען.

.15

## עטליכע ווערטער וועגען עולם הבא.

ניט די תורה און ניט די נביאים האבען אונז געשריבען, אז דער מענש האט נאך זיין טויט בעלאהנונג אדער שטראף. בלויז אין שמואל א', כ"ה כ"ט געפינען מיר, אז אביגיל, נבל'ס ווייב, האט געזאגט דוד'ן „והיתה נפש אדוני צרורה בצרור החיים את ה' אלהיך, ואת נפש אויביך יקלענה בתוך כף הקלע". ד. ה. אביגיל זאגט צו דוד'ן, אז זיין נשמה וועט אויביג לעבען אין גאט'ס פער־באנד, און זיינע פיינד'ס נשמות וועט גאט אומוואַרפען אין כף הקלע. פון דיזע ווערטער קענען מיר לייכט פערשטעהן, אז אלע מענ־שען האבען דאן געגלויבט, אז די נשמה פונ'ם מענשען לעבט נאכ'ן טויט. דארטען בעקומען זיי זייער לאהן, יעדע נשמה נאך די טהאטען, וואס זי האט געטהאן אויף דער ערד, ווען זי איז געווען אין דעם מענשליכען קערפער, די וואס האבען געטהאן גוטעס בעקומען דארטען בעלאהנונג און די שלעכטע בעקומען שלעכטס.

דוד זעלבסט האט אין זיין תהילים פיעל מאל געשריבען וועגען גיהנם און גן־עדן. ווי ער דריקט זיך אויס דייטליך אין דעם קאפיטעל ט"ז צו ענדע: „כי לא תעזב נפשי לשאול לא תתן חסידך לראות שחת". ד. ה. דען דו וועסט ניט לאזען מיין נשמה אין גיהנם, וועסט ניט לאזען מיך זאגאר זעהן דעם פערדארב. ווען דוד זעלבסט שרייבט אונז, אז עס איז פאראן בעלאהנונג און שטראף נאכ'ן טויט, וואהרשיינליך האבען די נביאים פון זיין צייט אויך בעשטעטיגט די אידעע, אז זי איז ריכטיג. דען מיר זעהען דאך, אז זיינע אלע שירים זייגען געבליבען ביז היינטיגען טאג. דוד זעלבסט וואלט דאס ניט געשריבען, ווען ער וואלט ניט הערען פון אלע נביאים, אז דאס איז ריכטיג. די פרייע דענקער אבער לאכען זיך פון דעם אויס. ווי קען דער מענש פיהלען נאכ'ן טויט, ווען ער פיהלט זאגאר ניט, אז מען לעגט איהם אריין אין גרוב? זאגאר ווען דער מענש שלאפט, כאטש ער לעבט דאך, פונדעסטוועגען וויים ער אויך גאר־נישט וואס מיט איהם טוט זיך, טא ווי קען ער פיהלען נאכ'ן טויט. יוען ער פערלירט אין גאנצען אלע געפיהלען? פון אלע מענשען, וועלכע זיינען אויסגעשטארבען ביז איצט, איז זאגאר איינער אויך

ניט געקומען צו אונז דערצעהלען, וואָס מיט איהם טוט זיך דאָר־טען, צי ער בעקומט בעלאָהנונג אָדער שטראָף.

יע, צו קלערען, אז נאָכ'ן טויט איז ניטאָ קיין בעלאָהנונג איז זעהר גרינג. דארום איז ביי מיר קיין וואונדער ניט, פאר וואָס די אידען פון די אוראַלטע צייטען האָבען געגלויבט די פאַלשע נביאים, וועלכע האָבען זיי פּראָפּעצייעט אין דעם נאָמען פון אַנדערע געט־טער, און די אמת'ע ריכטיגע נביאים האָבען זיי ניט געגלויבט. שווער איז בלויז צו ערקלערען און אויפווייזען דייטליך, אז עס איז פאַראַן בעלאָהנונג נאָכ'ן טויט, וואָס דעם מענשען'ס בעגרענעצ־טער שכל האָט אין דעם קיין השגה ניט. און נאָך מעהר אין איצ־טיגער צייט, ווען מיר הערען ווי אַלע זאָגען אויף דעם מענשען, וואָס ווייס אַביסעל די שווארצע פּינטעלעך און גלויבט ניט אין גאָט — „אָה! דער מאן איז א געבילדעטער". אָבער אויף דעם גלויבער זאָגט מען, דאָס איז אַן אָרטאָדאָקס, א דומקאָפּ. ער גלויבט אין אַלע נארישקייטען. ווען איהר וועט זיך אָבער גוט בעזינען, וועט איהר זיך ערקונדיגען, אז איהר זייט אויך א גלויבער. די היסטאָריע דערצעהלט אייך, אז אמאָל זיינען געווען מענשען, וועלכע זיינען געגאנגען הויל נאַקעט פּייטען זיך מיט הונגעריגע לייבען און טי־געגרס, און די מענשען האָבען זיי מיט זייער פויסט בעזיעגט. עס פלעגט זאָגאר טרעפען, אז דער לייב פלעגט זיך אונטערגעבען דעם מענשען, ווייל ער פלעגט זיך דערשרעקען פאַר זיין בליק. איהר האָט דאָך דאָס מיט אייערע אויגען ניט געזעהן, דאָך גלויבט איהר, אז עס איז יאָ געווען, זייט איהר דאָך אויך א גלויבער.

ווען א מענש וואָלט זאָגען מיט טויזענד יאָהר צוריק, ווען די מענשען האָבען ניט געוואוסט ווי צו מאכען א שוועבעלע. ביי יעדען מענש האָט געמוזט ברענען האָלץ שטענדיג, און טאָמער האָט זיך ביי איינעם פערלאָשען דאָס פייער, האָט ער געמוזט געהן פיעל מיילען ווייט צו געפינען פייער ביי א צווייטען מענש. ווען א מענש וואָלט זאָגען דאמאָלס, אַז עס וועט זיין א צייט, ווען דער מענש וועט א קוועטש געבען א קנעפּעלע וועט זיך אָנצינדען פייער ניט ווי פון האָלץ, נאָר אזא ליכטיגער פייער ווי א בליץ, ער וועט דארפען קאָכען אָדער באַקען וועט דער מענש א דרעה טאָן א קליינעם קראַנט, וועט ער האָבען פייער וויפיעל ער וועט דארפען, וואָלט מען דען געגלויבט יענעם מענשען? אַלע וואָלטען זיך דאָך אויס־געלאכט פון איהם.

נאָך בעסער, לאָמיר זיך פאָרשטעלען, אז מיר זיינען ניט קיין מענשען, נאָר מלאכים, מיר פליהען אין דער הויך וויט וויט

פון דער זון מיט איהרע פּלאנעטען. די זון מיט אלע פּלאנעטען ווע־
לען אונז אויסוויייזען אין דעם זעלבען געשטאַלט מיט דיזעלבע
גרויס, ווי מיר זעהען זיי איצטער, די ערד זעלבסט וועט אונז אויך
אויסזעהן ווי גאַר אַ קליינער שטערען. מיר וועלען אָנרופען די
שטערען מיט דיזעלבע נעמען ווי מיר רופען זיי איצטער. צווישען
אונז וועט זיך געפינען א מלאך, אַ דענקער, וועלכער וועט אונז
זאָגען, אַז די אַלע שטערען, וואָס מיר זעהען, אַז זיי בלישצען, זייי־
נען גרויסע, שווארצע און האַרטע שטיינער, וועלכע דרעהען זיך
שטענדיג אַרום דער זון. און אַט דער בלישצעדיגער קליינער שטע־
רען, וועלכער רופט זיך ערד, איז וואונדערבאַר מעהר ווי די איבע־
ריגע: צוויי דריטעל פון איהם איז בעדעקט מיט וואַסער, בלויז
איין דריטעל פון איהם איז שוואַרצע האַרטע ערד. אויף דער ערד
איז פאַראַן הויכע בערג, וועלכע זיינען אימער בעדעקט מיט שנעע.
אַלע מלאכים וועלען הערען זיין מיינונג, אַנדערע וועלען גלויבען,
אָבער פיעלע פון זיי וועלען לאַכען. אויף מאָרגען וועט ער זיי זאָ־
גען, אַז די ערד לאָזט פון זיך אַרויס אַלערליי סאָרטען פּלאַנצונגען,
בוימער, אויף וועלכע עס וואַקסען פערשיעדענע מינים פּרוכט,
זיסע, ביטערע און זויערע. ער וועט זיי אָנרופען יעדער מין פּרוכט
מיט דיזעלבע נעמען, וואָס מיר רופען זיי. פּלאַנצונגען, וועלכע לאָ־
זען פון זיך אַרויס דערקוויקענדע אַראַמאַטען.

עס וועלען זיך שוין געפינען מעהר מלאכים, וואָס וועלען פון
איהם לאַכען. אַנדערע וועלען זאָגען, אַז דאָס איז ביי איהם אַ מאַ־
ניר. דען ווי קען דאָס זיין, אַז אַ האַרטע שטיקעל זאַך זאָל פון זיך
אַרויסלאָזען פּלאַנצונגען און נאָך אַזעלכע ווי ער שטעלט פאָר?
אין אַ מאָנאַט שפּעטער וועט ער זיי זאָגען, אַז די ערד האָט פון זיך
אַרויסגעלאָזען אַזוי פיעל לעבעדיגע בעשעפּענישען, דאָס זעלבע ווי־
פיעל פּלאַנצונגען. די בעשעפּענישען זיינען פערשיעדענע. פאַראַן
אַזעלכע, וואָס געהען אויף פיער פיס, און וואָס האָבען ניט קיין
פיס. עס איז פאַראַן אַזעלכע, וואָס האָבען פיס צו געהן און פליע־
לען, מיט וועלכע זיי פליהען ווי מלאכים. די אַלע לעבעדיגע בע־
שעפּענישען זיינען צוטיילט אויף צוויי קלאַסען: איין קלאַס עסט
גראַז מיט פּלאַנצונגען, דער צווייטער עסט בלויז די פליישׁ פון די
לעבעדיגע, וועלכע עסען פּלאַנצונגען. ביידע קלאַסען האָבען אין
זיך פיעלע מינים, פון גאַר קליינע, וועלכע מען קען זיי קוים זעהן
ביז גאַר גרויסע. יעדער מין בעשטעהט פון זכר און נקבה. די זכרים
מיט די נקבות פעראייניגען זיך, און פון זיי ווערען געבוירען נאָך
אַזעלכע ווי זיי אַליין. ווען די מלאכים וועלען דאָס אַלעס הערען,

װעלען די עהרליכע נארישע מלאכים זאָגען, אַז ער איז אַ פאַנטאַ־זיאָר, אָבער די קלוגע, די פריידענקער װעלען זאָגען, אַז ער איז פּשוט װאהנזיניג. בלויז די מעהר נארישע מלאכים, װעלכע גלוי־בען אַלץ, װעלען זאָגען, אַז ער איז זעהר הייליג.

עס װעט אריבער נאָך אביסעל צייט, װעט דער מלאך דער־דענקער זאָגען צו די מלאכים, אַז די װאסער, װעלכע איז ארום דער ערד האָט אויך געבוירען קינדער, װעלכע קענען לעבען בלויז אין װאַסער. די װאסערדיגע לעבעדיגע בעשעפּענישען זיינען אויך צו־טיילט אויף צװיי קלאַסען און האָבען אויך פיעל מינים, דאָס זעל־בע װי די לעבעדיגע, װאָס אויף דער טריקעניש.

עס װעלען זיך שוין געפינען מלאכים פון די גלויבער, װאָס װעלען אויך האָבען אויף איהם אַ פערדאכט, אַז ער איז ניט ביים קלאָרען זינען. צולעצט װעט ער זיי ערקלערען מיט בעגייסטערונג, אַז ער האָט אויסגעפונען, אַז די ערד האָט געבוירען אַזאַ מין בע־שעפעניש, װעלכע הייסט „מענש". דער מענש איז די שעהנסטע בעשעפעניש פון אַלע, ער געהט אויף צװיי פיס, אָנשטאָט די פאָ־דערשטע צװיי פיס, װאָס ביי אַלע פיער פיסיגע בעשעפענישען, האָט ער צװיי הענד, מיט װעלכע ער מאכט אַזעלכע זאַכען, װאָס מיר מלאכים קענען ניט מאַכען. אויף זיין גאַנצען קערפּער האָט ער ניט קיין האָר, בלויז די קאָפּ איז בעװאַקסען מיט לאַנגע דינע האָר. דער מענש איז קליגער זאָגאר פון די מלאכים, טראָצדעם װאָס ער איז פיעל שװאכער פון אַלע גרויסע פיער פיסיגע, דאָך הערשט ער איבער זיי מיט זיין קלוגשאַפט. און אַלע גרויסע געזונטע פיער־פיסיגע ציטערען פאַר איהם.

אַ קליינער יונגער מענשעלע נעהמט אַ װאָגען אויף פיער רע־דער, לעגט איהם אָן מיט פיעל משא, בינט צו אַ גרויסע פיער פי־סיגע בעשעפעניש און זי פיהרט איהם מיט'ן װאָגען װאוהין ער װיל. ער מאַכט אַזעלכע הייזער, מיט װעלכע ער פליהט אין הימעל, שװימט אין װאסער און אויפ'ן װאסער, װען דער מענש דאַרף געהן זעהר װייט, איז צוליעב ער זאָל קומען שנעל, האָט ער געמאַכט אַזעלכע הייזער, װעלכע לויפען מיט די הילף פון פייער, אַזוי שנעל װי אַ מלאך. צוליעב אויסלערנען זייערע קינדער, אַז זיי זאָלען אויך קענען מאַכען אַלע סאָרט מאַשינעס, האָבען זיי אָנגעשריבען פיעל ביכער, װעלכע די קינדער לערנען. זיי האָבען געמאַכט אַזאַ מאַ־שינע, דורך װעלכער זיי קענען רעדען פון איין עק װעלט צו דער צװייטער. און אַלע איבעריגע איינצעלהייטען פון דעם מענשען'ס

קלוגשאפט, וועט דער מלאך דער דענקער ערקלערען פאר זיינע חברים. די פריידענקער וועלען זיך ניט קענען איינהאלטען און ווע־לען אויסשרייען אויף איהם, אז ער איז משוגע. דען ווי קען פון א שטיק ערד, וואס געהט ניט און עסט ניט, רעדט ניט און הערט ניט געבוירען ווערען אזעלכע קלוגע בעשעפענישען, ווי ער שטעלט אונז פאר? ניט אנדערש, אז ער איז משוגע. די נארישע מלאכים וועלען צווייפלען, בלויז עטליכע געצעהלטע מלאכים, די גרעסטע נארען, וועלען איהם גלויבען.

נו! וואס זאלען מיר מענשען זאגען ווער איז משוגע? צי דער מלאך דער דענקער אדער די פריידענקער?

וויבאלד פון דער ערד, וואס זעהט ניט און הערט ניט, האט ניט קיין פיס צו געהן און הענד צו טאן, ווערען געבוירען אזוי פיעל פערשיעדענע בעשעפענישען און א מענש, וועלכער האט אזוי פיעל שכל און פערשטאנד, מיט וועלכע ער הערשט און געוועלטיגט אי־בער אלע בעשעפענישען פון דער ערד, זאגאר אויף דער ערד זעלבסט און ער טוט מיט זיי אלעס, וואס זיין הארץ בעגעהרט, מו־זען מיר דאך אנערקענען, אז אין גאנצען אוניווערזום זיינען פאר־אן בעשעפענישען, וועלכע זיינען קלוג ווי דער מענש, און פיעלייכט פיעל קליגער. ליידער, מיר מענשען, קענען דאס ניט פערשטעהן מיט אונזער בעגרענצטען שכל, דאס זעלבע ווי מיר קענען ניט פערשטעהן, ווי די ערד האט געבוירען דאס אלעס, וואס מיר זעהען. זאגאר זיך זעלבסט קענען מיר ניט פערשטעהן, ווי לעבען מיר, ווי הערען מיר, ווי זעהען מיר און ווי טראכטען מיר. אבער אין דער ווירקליכקייט זעהען מיר דאך, אז דאס איז אלעס פאראן, איז צי דערפאר וואס מיר פערשטעהען ניט קענען מיר בעשטימען ריכ־טיג, אז ווען דער מענש שטארבט ווערט ער אין גאנצען פערלארען? ניין, מיר קענען בלויז זאגען, אז מיר פערשטעהען ניט.

יעדער קערפערליכע בעשעפעניש פיהלט שמערץ און אנגסט, ווען מ'שלאגט איהר אדער ווען זי בעקומט ניט איהר בעגעהר און פערלאנג. דאס זעלבע האט זי פערגעניגען, ווען זי דערגרייכט וואס זי בעגעהרט. די בעגעהרען פון די מענשען און זייערע געפיהלען בעשטעהען פון די דריי עלעמענטען: קנאה, תאוה און כבוד, מיט וועלכע זיי זיינען אבגעטהיילט פון אלע קערפערליכע בעשעפענישען. איך רעכען ניט דעם פערגעניגען פון עסען און טרינקען, וועלכע זיינען גלייך מיט די געפיהלען פון אלע לעבעדיגע בעשעפענישען. פערגעניגענס פון פיעל רייכטהום, פון א גוטער

וואָהנונג און שעהנע קליידער. אזעלכע פערגעניגענס בעלאנגען צו די דריי עלעמענטען.

עס גיבען גייסטיגע פערגעניגענס: זעהן פערשיעדענע שעהנע זאכען, געהן אין טהעאטער, זינגען און הערען מוזיק, שמעקען אַ גוטען גערוך. און עס גיבען פערגעניגענס פון לערנען אלער ארט וויסענשאפט, ערקלעהרען נייע ערפינדונגען אין קונסט אָדער גאָט־הייט. אָבער ניט אלע בעשעפענישען האָבען א גלייכען געפיהל אין די פערגעניגענס. קענען מיר דען גלייכען דעם פערגעניגען פון די וואסער־בעשעפענישען מיט דעם פערגעניגען פון די פלי־הענדע? מיר ווייסען, אז דער פערגעניגען פון די פליהענדע איז אַ טויט פאר די וואסער־בעשעפענישען. זייערע ביידענס פער־גניגענס — צו דעם פערגעניגען פון די געהענדע און די קריכענדע. דעם געפיהל מיט דעם פערגעניגען פון די הויזליכע מיט די געפיהלען און פערגעניגענס פון די וואלדליכע. די געפיהלען און די פער־גניגענס פון אלע לעבעדיגע בעשעפענישען צוזאמען, מיט די געפיהלען און פערגעניגענס פון מענשען. זאָגאר די מענשען ביי זיך זעלבסט זיינען אויך פערשיעדענע מיט זייערע געפיהלען און פערגעניגענס. איינער האָט פערגעניגען פון אַ פולע געלד, דער צווייטער האָט פערגעניגען פון זינגען, דער דריטער פון סקולפּטור, דער פיערטער פון אסטראָנאָמיע א. ז. וו. דער פערגעניגען פון איין מענש איז ביי דעם צווייטען אַן עקעל. עס גיבען מענשען, וועלכע האָבען פערגעניגען, ווען זיי שפּיעלען שאַך־מאט, דאמקעס (טשעקערס), זאָגאר אין קאָרטען. און עס זיינען דאָ פיעלע מענשען, וואָס זיי עקעלט דאָס אלעס.

ווער זשע האָט דאָס, — ווען מיר זאָלען זיך גוט בעטראכטען,— דעם פערגעניגען אָדער אנגסט? די האנד? די פּוס? די הארץ אָדער די קאָפּ? ניין. מיר מוזען אנערקענען, אז עס איז דאָ אין דעם מענשען אזא מין בעהאלטענער כח, וועלכער פיהלט דאָס אלעס. אָבער ניט איין כח, נאָר עטליכע כחות. דאָס זעלבע איז מיט דעם פערדרוס און אנגסט. מיר פיהלען זיי. אָבער ווער פיהלט דאָס, קענען מיר ניט פערשטעהן. יעדער מענש ביי זיך זעלבסט פיהלט דעם אונטערשיעד פון זיינע קערפּערליכע פער־גניגענס ביז די גייסטיגע. די קערפּערליכע פערגעניגענס זיינען מעהר ניט ווי אין דעם זעלבען מאָמענט, און ווען דער מענש געניסט פון זיי צופיעל, איז דאָס פאר איהם שעדליך, און עס קען ברענגען אויף איהם פערשיעדענע קראנקהייט. אָבער די גייס־טיגע פערגעניגענס זיינען פערקעהרט — זיי בלייבען ביי דעם

מענשען אימער און אייביג. און וואָס מעהר דער מענש געניסט פון זיי, אלץ מעהר ברענגט דאָס איהם נוצען און אלץ מעהר פער־גרעסערען זיך זיינע געפיהלען.

איך געדענק נאָך איצט דעם פערגעניגען וואָס איך האָב געהאט, ווען איך בין נאָך געווען אין דער עלטער פון זיעבצעהן־אכטצעהן יאָהר, ווען איך פלעג זיצען אין שוהל און לערנען אין א ווינטערהדיגער נאכט ביז איינס־צוויי אזייגער. אלע בחורים פלעגען שלאָפען און כראָפען. איך פלעג בלייבען איינער אליין און לערנען. די גדראַנקען פלעגען פליהען הויך, הויך. ביז איך פלעג זיך אויפהויבען פון מיין אָרט און פלעג אומגעהן הין און צוריק אין שוהל, אָדער שטעלען זיך אין א ווינקעל און קלאָגען אויף גלות השכינה, ווייל גאָט איז אין גלות. איך האָב דאמאָלס געדענקט, אז אלע מלאכים שטעהען מיט מיר און העלפען מיר. גאָט אליין זיצט און שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ און הערט זיך איין צו מיין געוויין. די לעבעדיגקייט, די פרייד און די בעגייסטערונג, וואָס איך פלעג פיהלען אין דאוונען! עס פלעגען זיך גיסען טייכען טרעהרען פון מיינע אויגען. ניט טרעהרען פון אנגסט און ליידען, נאָר טרעהרען פון התפעלות און בעגייסטערונג. דעם פערגעניגען, וואָס איך האָב דאמאָלס געהאט, פיהל איך נאָך איצטער אויך. אָבער גוואלד! וואו נעהם איך איצטער דעם פערגעניגען פון בעגייסטערונג? קענט איהר, מיינע לעזער, פיהלען אזא פער־געניגען? גליקליך איז יענער, וועלכער גלויבט מיט אן אמת׳ער הארץ, און טראכט ניט צו פיעל. אונגליקליך איז יענער, וועלכער גלויבט ניט. ווען ער איז נאָך יונג און פיהלט די קערפערליכע פערגעניגענס, לעבט ער נאָך, אָבוואָהל ניט אלע מאָל. אָבער צו דער עלטער, ווען ער ווערט אָן אלע געפיהלען, דאן איז ער אונ־גליקליך; ער האָט קיין טרייסט פאר זיך ניט.

נאָך דער ערקלעהרונג פון פיעלע חכמים און פילאָזאָפען, האָט דער מענש אין זיך פינף זעעלעס, דאָס זעלבע ווי ער האָט פינף געפיהלען: הערען, שמעקען, זעהן, טאַפּען און געשמאַק. די פינף זעעלעס געפינען זיך ביי דעם מענשען איינע העכער פון דער אנדרער. יעדער זעעלע בעזונדער האָט איהר בעשטימטען פער־געניגען. די ניעדריגע און גראָבע זעעלע, וועלכע געפינט זיך אין דעם מענשען גלייך ווי ביי אלע לעבעדיגע בעשעפענישען, האָט פערגעניגען פון עסען און טרינקען. די צווייטע האָט פערגעניגען פון שעהנע קליידער. די דריטע פון הערען מוזיק א. ז. וו. די פינף זעעלעס זיינען אלע קערפערליכע. דארום איז איבערהדריסיג

דעם מענשען צו הערען איין און די זעלבע געזאנג, אָדער קוקען אויף דער זעלבער שעהנער זאך אלע ווײלע. דער אויער וויל אלץ הערען פרישע און נייע געזאנג, די אויג וויל קוקען און זעהן אלץ פערשיעדענע זאכען. דאָס זעלבע ווי דעם מענשען ערווידערט צו עסען איין און די זעלבע זאך יעדען טאָג. אויסער ברויט מיט וואסער, וועלכע האלטען אויף די מענשליכען עקזיסטענץ, דאָס זעלבע איז אויך לופט, ווייל אָהן די דריי זאכען קען ער ניט לעבען.

אָט די פינף קערפערליכע זעלעם פערליערט דער מענש, ווען ער שטארבט. נאָר בלויז די טהעטיגקייט זייערע ווערט פערלאָרען, אָבער ניט זייער בעוועגונג. דען מיר זעהען דאָך מיט אונזערע אויגען, אז דער גראמאָפאָן זינגט און רעדט דאָס זעלבע, וואָס דער מענש האָט געזונגען אָדער גערעדט, כאָטש דער מענש איז ניטאָ. די לופט גיט איבער די זעלבע בעוועגונג, וועלכע דער מענש מאכט זיצענדיג ביי זיך אין שיף, און אלע שיפען ווייסען גלייך וואו און אין וואָס פאר א לאגע יענע שיף געפינט זיך. דאָס איז פאר אונז א ריכטיגער בעווייז, אז יעדער וואָרט, וואָס דער מענש רעדט, יעדער בעוועגונג, וואָס דער מענש מאכט, ווערט ניט פערלאָרען. דער מענש שטארבט, ער רעדט מעהר ניט, ער קען זיך מעהר ניט בעוועגען. אָבער זיינע ווערטער און זיין בעוועגונג שטארבען ניט.

עס איז אָבער דאָ אין דעם מענשען נאָך א זעעלע, וועלכע איז ניט קיין קערפערליכע, נאָר א גייסטיגע. יענע זעעלע האָט פערגעניגען בלויז פון גייסטיגע און קלוגע זאכען. די זעעלע איז דער טהייל פון גאָטהייט. דארום זיינען איהרע פערגעניגענס אויך אייביג, און וואָס מעהר דער מענש געניסט פון זיי, אלץ מעהר פער־גרעסערט זיך זיין פערגעניגען. אָט די נשמה, וועלכע בעשטעהט פון שכל און פערשטאנד, שטארבט ניט. זי קומט צו איהר מקור, פון וואנען זי איז גענומען. די נשמה קען זיך ניט האלטען אין דעם מענשען אָהן די קערפערליכע נשמות; ווען דער מענש פער־ליערט זיינע קערפערליכע נשמות, מוז די נשמה אויך ארויסגעהן פון איהם.

ווי מיר האָבען פריהער ערקלעהרט מיט דעם רעגען און מיט'ן רויך, ווייסען מיר, אז יעדער שטאָף, ווען ער ציהט זיך צו זיין מקור, שלעפט מיט זיך נאָך אנדערע איידעלערע שטאָפען. און יעדער שטאָף מוז זיין צומישט גוט מיט שלעכט. ניט מעהר אין איינע געפינען זיך גוטע מעהר פון שלעכטע, און אין דער צווייטער געפינט זיך שלעכט מעהר פון גוט. אויב דער מענש, ווען ער האָט געלעבט, האָט זיך אָפגעגעבען בלויז צו זיינע קערפערליכע

געפיהלען, איז ווען ער שטארבט און זיינע קערפערליכע נשמות ציהען זיך איטליכע צוריק צו איהר מקור, שלעפן זיי מיט זיך מיט דאס ביסלע גוטע אויך. ווען זיי קומען צו זייער אָרט און קלייבען זיך אָן פיעל, ווארפט זיי יענער מקור פון זיך ארויס מיט דער קראפט פון אָפּשטופונג, וואס געפינט זיך אין איהם. אט דאס האט געהייסען ביי אונזערע אור־אלטע נביאים כף־הקלע, ווי אביגיל האט געזאָגט צו דוד'ן. די קערפערליכע זעעלעס שלעפען מיט זיך מיט דאס ביסעלע גייסטיגע, וואס זיי האבען אין זיך, צו זייער קערפערליכען מקור, וואס איז נאָהענט צו זיי, און שלעפט זיי צו זיך מיט דער קראפט פון צוציהונג, וואס ער האט אין זיך. די נשמה האט קיין רוח ניט. זי האט פון דעם גרויס אנגסט און ליידען. מיר מענשען קענען דאס ניט פערשטעהן, ווייל מיר קענען ניט פערשטעהן, ווי אזוי מען האט דאס אנגסט ביי זיך זעלבסט. נאָר אויב דער מענש האט זיך אָבגעגעבען צו גייסטיגע געפיהלען, מעהר ווידער צו די קערפערליכע, ציהט זיך זיין גייסטיגע נשמה, ווען ער שטארבט, צו איהר מקור. ווייל די גייסטיגע בעשטעהט מעהר פון די קערפערליכע. דעם פערגעניגען, וואס זי האט, איז פאר אונז אונמעגליך צו בעגרייפען. דאס זעלבע ווי אלע בעשע־פענישען האבען קיין בעגריעף ניט אין די מענשליכע פערגעניגענס. מיר מוזען פערשטעהן, אז איהר פערגעניגען איז אן אייביגער, ווייל מיר בעמערקען דאך ביי זיך זעלבסט, אז די גייסטיגע פערגעני־גענס, וועלכע מיר בעגרייפען ווען מיר לעבען, זיינען ביי אונז אויך שטענדיג און פערלירען זיך קיין מאָל ניט. דער פערגעניגען פון איין וויסענשאפט ברענגט אונז צו פערגעניגענס פון העכערע וויסענשאפט, ווייל וואס דער מענש לעבט מעהר, האט ער אלץ מעהר ערפאהרונג, זיין גייסטיגע נשמה געהט אלץ העכער. ווען דער מענש שטארבט און הערט אויף צו טראכטען, פליהט אוועק זיין נשמה צו דעם מקור פון וויסענשאפט, וועלכע זי האט דער־גרייכט ווען זי איז געווען אין דעם קערפערליכען מענשען. דאָרטען האט זי איהר אייביגען פערגעניגען. דאס איז, נאָך מיין מיינונג, די עולם הבא.

איך שרייב איצט אין העברעאיש די בעדייטונג פון נאָך פיעלע אונפערשטענדליכע פראזען, וועלכע געפינען זיך אין דעם תנ"ך. איך בעט ביי גאָט, ער זאָל מיר געבען געזונד מיט לאנגע יאָהר און מוטה, איך זאָל קענען ארויסגעבען אלע מיינע שריפטען. איך וויים, אז די אידישע לעזער וועלען פון זיי האבען דעם גרעסטען פערגעניגען.

דיעזער ספר איז פאר אייך א ריכטיגע איבערצייגונג אויף מיינע אלע ערקלעהרונגען, אז זיי זיינען ניט בלויז פאנטאזיעס, נאר דער אמת'ער פשט און די ריכטיגע מיינונג פונ'ם תנ"ך.

ד ע ר   מ ח ב ר.

דיעזער ספר איז געשריבען געווארען מיט זיעבען יאהר צוריק, ווי עס צייגט ריכטיג די הסכמה פון רבי לעווענטהאל, נאר איבער געוויסע אומשטענדען איז ער ניט געדרוקט געווארען ביז איצט.

## פעהלער־אויסבעסערונג :

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| זייט | 6 | שורה | 13 | קיריה | דארף זיין | קריה |
| „ | 7 | „ | 18 | הווילנא | „ „ | הווילנאי |
| „ | 10 | „ | 8 | לאחת | „ „ | לא חת |
| „ | 11 | „ | 11 | כסו | „ „ | סכו |
| „ | „ | „ | 20 | מעת | „ „ | מעט |
| „ | „ | „ | 31 | מהודאות | „ „ | בהודאות |
| „ | 14 | „ | 2 | | „ „ | אַפזונדערן |
| „ | 19 | „ | 13 | | „ „ | פראזען |